י. ה. פישמאַן

# פריער און שפּעטער

דערציילונגען




ביי דער
"געזעלשאַפט פאַר יידיש-וועלטלעכע שולן אין אַרגענטינע"
בוענאָס-איירעס
1957

# אינהאַלט:

# מאַטעלע

אַ קליין־ווּוקסיקער מיט שמאָל קיילעכדיקע פּלייצעס און אַ ייִנגלעריש לעבעדיק פּנים. דאָס דינע שיטערע בערדל האָט זיך נישט שטאַרק אָנגעזען צוליב דער טונקלקייט פון זיין פּנים. כאָטש פּאָקשיצע איז געווען אַ קליין שטעטל, עט־לעכע געסלעך און אַ מאַרק אין דער מיט, און כאָטש מאָטעלע איז מיט גאָר־נישט געווען פאַרנומען, איז ער דאָך געלאָפן איבער די געסלעך ווי ער וואָלט זיך געיאָגט ערגעץ, נישט צו פאַרשפּעטיקן. זיינע פּלייצעס האָבן זיך אונטערגע־הוידעט, דאָס קעפּל אַראָפּגעלאָזט, געקוקט אויף זיינע פיס, וואָס לויפן אַזוי שנעל. דאָס איז ער אַזוי צוגעלאָפן צו אַ שטוב, זיי צו דערציילן, וואָס ער האָט צו דער־ציילן, וואָס ליגט אים אויפן האַרץ און ער מוז עס אַרויסברענגען, — אַ פּאָר פריילעכע מעשיות.

— מאָטעלע! — האָט מען זיך מיט אים דערפרייט.

מאָטעלעס פּרנסה איז געווען פון דער אכסניה פאַר חסידים, וואָס קומען אויף יום־טוב צום פּאָקשיצער רבין. דאָס אין גאַנצן. מער האָט ער גאָרנישט געטאָן. ווייטער זאָל גאָט זאָרגן... גענוג פאַר מאָטעלען די דריי יום־טובים: שבועות, ראש־השנה און יום־כפור. דעמאָלט האָט מאָטעלע אַרבעט איבערן קאָפּ. פּאָקשיצע איז געוואָרן ענג פון חסידים. דעם גאַנצן ערב יום־טוב זענען כסדר. אָן אויפהער, געלאָפן פון באַן און פון פּוילישע וועגן וועגעלעך מיט חסידים. אַלע הייזער זענען איצט אכסניות, פול מיט חסידים. מען האָט פאַרדונגען אַפילו די פּאָדלאָגעס צום שלאָפן... איי האָט עס מאָטעלע געאַרבעט! אויפגעשטעלט די בעטלעך, געהאָלפן טויבעלען אין קיך. אָן אַ קאַפּאָטע און פאַרקאַשערט די אַרבל פון העמד, האָט ער נאָר געטאָן, געשלעפּט, אויפגעשטעלט.

— שלום־עליכם, שמואל־זאַנוול! שלום־עליכם, חיים־זעליק!

— וואָס מאַכט מען, מאָטעלע? — האָבן די אורחים מיט פרייד געשאָקלט זיין האַנט — מיר האָבן זיך שוין לאַנג נישט געזען.

ער האָט צוגענומען די וואַליזעס און געהאָלפן טויבעלען גרייטן צום טיש.

— טויבעלע, טויבעלע, אַ ביסל שנעלער!

די טייערע אורחים זענען שוין געזעסן ביים פיין־געגרייטן טיש אין מאָ־טעלעס אכסניה.

— טייערע יויך, פרישע הון! — האָט מאָטעלע געשאַרפט זייער אַפעטיט.

מאָטעלעס אכסניה, די דריי קליינע צימערלעך, זענען שנעל געוואָרן ענג. די וואַרשעווער און לאָדזשער „עולם־הזהניקעס" זענען אָנגעקומען.

— שלום־עליכם, שלום־עליכם!

— וואָס מאַכט מען, מאָטעלע?

— געלויבט דער אייבערשטער.

יעדע אכסניה האָט געהאַט אירע „געשווירענע אורחים" און מאָטעלע האָט געהאַט די וואַרשעווער און לאָדזשער „עולם הזהניקעס", וואָס וואָלטן אין קיין אַנדער אכסניה נישט איינגעשטאַנען, אַפילו פאַר אומזיסט, אַפילו ווען מען צאָלט זיי צו, און מאָטעלען וועלן זיי צאָלן וויפיל ער וויל. ער איז ווערט דאָס גאַנצע געלט! מאָטעלע האָט זיי געמאַכט אַ יום־טוב, אויף אַלע יידישע שמחות געזאָגט געוואָרן. מאָטעלע האָט זיי פריילעך געמאַכט מיט זיינע גראַמען, מיט זיינע מעשיות, אַז זיי האָבן געקייכט פון געלעכטער. ווי האָבן זיי דאָס אין וואַרשע, אין לאָדזש?! אַ נעכטיקער טאָג, פאַריאָגט, פאַרפלאָגט גאַנצענע טעג מיטן סוחר, מיט וועקסלען, אייגענע וועקסלען, יענעמס וועקסלען. קיין איין מינוט נישט קיין אָפרו. דאָ איז דאָך אַ מחיה. מ'זיצט ביי אַזאַ שיינעם טיש. אַ געשמאַק ביסל יויך, אַ מחיהדיק הינדל און מאָטעלע, מאָטעלע.

— כאַ־כאַ־כאַ! אוי די זייטן!

— איך האַלט עס נישט אויס!

זיי האָבן געווישט די אויגן און געבלאָזן זיך מיט די היטלען — עולם הזה!

ווי נאָר דער יום־טוב איז אַריבער, די פריילעכע חסידים זענען אַוועקגעפאָרן, האָט מאָטעלע שוין גאָרנישט וואָס צו טאָן. דעמאָלט האָט טויבעלע, די בלאַסע טויבעלע מיט די שיינע שוואַרצע אויגן, געטענהט צו מאָטעלען, געטענהט מיט איר קוויטשיק דין קולכל: — וואָס מיינסטו, אַז מען האָט פון דעם יום־טוב אָנ־געשאַרט אַ פאַרמעגן? פון וואָס וועט מען לעבן דעם גאַנצן ווינטער, אַזש ביז שבועות? פון וואָס? פון ווען?... און זייער פינף־יאָריקער שלמהלע, דער קליי־נער למדן מיט די שוואַרצע פיאות, ווי מיידלשע לאָקן, האָט מיט זיינע גרויסע שוואַרצע אויגן געקוקט ברוגז אויף זיין טאַטן. האָט מאָטעלע געכאַפּט די קאַ־

פּאַטע און ער איז שוין נישטאָ. אַלע פּאַקשיצער הייזער זענען געווען זיינע און יענע מאַנען נישט ביי אים קיין פּרנסה...

— מאַטעלע!

פּאַקשיצער שטובן האָבן געקייכט פון זיינע מעשיות, מעשיות פון „דזשי־וואַקעס", פון צעדרייטע קעפּ, פון אַזעלכע חושימס. ער האָט אַזוי געמאָלט, אַז מען האָט זיי ממש געזען פאַר די אויגן, מיט די בערדלעך און מיט די שטיוול.

— כאַ־כאַ־כאַ!

און גראָד אין רעכטן געדיכטן פון מאַטעלעס מאָלן זיינע „דזשיוואַקעס", פלעגט טרעפן אַן אומגליק: שלמהלע איז געקומען צו לויפן מיט די צעיאָגטע פּיאות:

— דער טאַטע איז דאָ? די מאַמע רופט. אַ חסיד איז געקומען!

אַן אומגליק! נישט פאַרענדיקט די מעשה; איז מאַטעלע אַוועק מיט שלמהלען.

עס האָט אַלעמען פאַרדראָסן. ער האָט איבערגעריסן אינמיטן אַזאַ טריאַטער...

***

טויבעלע האָט טאָג און נאַכט געטראַכט וועגן אַ פּלאַן פאַר מאַטעלען. עס האָט איר נישט געגעבן קיין מנוחה, וואָס מאַטעלע פּאַרט נישט צום פעטער בעריש, אין וואַרשע. האָט דאָך דער שוויגערס ברודער, דער פעטער בעריש, אַזאַ גרויס געשעפט אין וואַרשע, פאַרן אייזערנעם טויער און ווי די שוויגער זאָגט, איז דער פעטער בעריש אַ גביר אדיר, האַלט אַ סך מענטשן און יעדער מענטש גייט אַ היים פּרייטיק מיט פולע קעשענעס מיט געלט. טויבעלע האָט עס בשום־אופן נישט געקאָנט פאַרשטיין, וואָס עס טוט זיך מיט איר מאַטעלען: איז ער, חלילה, משוגע? איז זי אַוועק צו דער שוויגער, — זי איז דאָך די מאַמע און דער פעטער בעריש איז דאָך איר ברודער. דער שווער האָט זיך גאָרנישט אָנגערופן. ער איז שוין געווען אַ טיפער זקן. ער איז נאָר געזעסן און געשוויגן און געהאַט יסורים אין די פיס און בעריש איז דאָך נישט געווען זיין ברודער. אָבער די שוויגער, נאָך גאָר אַ „זשוואַוועס" יידענע, האָט זיך אין דעם אָנגעכאַפּט ווי אין אַ טייערער זאַך. בעריש איז דאָך איר ברודער, בעריש איז אַ ברילִיאַנטענער יונג. דאָס וואָס ער האָט שוין לאַנג גאָרנישט צוגעשיקט איז גאָרנישט. ער איז אַזוי פאַרנומען, אַז ער געדענקט נישט. האָט די באָבע געשיקט שלמהלען, ער זאָל ברענגען דעם טאַטן. שלמהלע האָט געוווּסט ווו צו געפינען דעם טאַטן און איז טאַקע באַלד מיט אים געקומען צו דער באָבען. ביי דער באָבען זענען אַלע איצט געווען: די זין מיט

זייערע ווייבער און קינדער, די טעכטער מיט זייערע מענער און קינדער, — אַלץ יונגען ביז צום בעליק!

מאָטעלע איז געקומען אַ ברוגזער. ער האָט דערזען די חברה. איי האָט ער זיי נישט ליב געהאַט! ער האָט געענטפערט איינס:

— מאַמע, מאַמע, איך בין נישט קיין משרת! איך פאָר נישט צום פעטער בעריש. איך קאָן נישט דעם פעטער בעריש און איך וויל אים נישט קענען! מאַמע.

פון טויבעלעס אויגן זענען געלאָפן טרערן און שלמהלעס פנים איז געווען מיט כעס אויפן טאַטן, אָבער מאָטעלע וויל נישט הערן; ער וועט נישט פאָרן!

איז געוואָרן אַזאַ געוואַלד פון דער משפחה, אַז מען איז זיך אָנגעלאָפן פאַרן פענצטער. האָט יאַנטשע, דער באָבעס אַן איניקל, אַ יינגל אַ ריז, זיך געגעבן אַ לאָז צו צו מאָטעלען, ווי אים אויפצוועסן:

— איך וועל דיך נעמען אויף מיינע פלייצעס, זאָלסט נאָר נישט זיין אַזאַ חכם!

מאָטעלע האָט איינגעזען אַז יאַנטשע מיינט עס ערנסט, האָט ער פלוצים נאָכגעגעבן: ער פאָרט! ער פאָרט!

— אָבער —האָט טויבעלע געזאָגט— אויף יום־טוב זאָלסטו קומען. איך וועל אַליין זיך נישט קיין עצה געבן מיט דער אכסניה.

ער האָט דאָס אויך צוגעזאָגט.

— ער וויסט, ער וויסט! — האָט די מאַמע פאַרענטפערט איר מאָטעלען.

די נאַכט, ווען מאָטעלע איז אַוועקגעפאָרן, זענען אַלע געווען טרויעריק. ער פאָרט דאָך אַוועק. איין קלייניקייט, מאָטעלע וועט נישט זיין אין דער היים! אָפילו טויבעלע איז געווען פאַרוויינט. דער קליינער שלמהלע האָט זיך ליבלעך געשאַרט אַרום טאַטן ווי ער וואָלט נעבעך געפילט, אַז ער פאַרלירט אים. מאָטעלע, פאַרקערט, איז געווען דער פריילעכער. ער פאָרט דאָך צום פעטער בעריש, וואָס איז אַ גביר אדיר, האָלט אַ סך מענטשן אין געשעפט און יעדער מענטש גייט פרייטיק אַ היים מיט פולע קעשענעס מיט געלט...

***

מאָטעלע איז צוגעפאָרן צום אייזערנעם טויער, אריינגעשטעקט דעם קאָפּ אין פעטער בערישעס געוועלב, שיעור נישט אַזוי גרויס ווי אַלע פּאַקשיצער גע־וועלבער אינאיינעם, אָנגעלאָדן מיט ראָזשינקעס און מאַנדלען. ער האָט אָנגע־קוואָלן פון פעטער בעריש. אַ בויך ווי אַ פויק. אַ הויך געשוואָלן פנים. און ער שרייט מיט אַ צעריסענער שטימע: „קים העאַר צי מיאַר!". מאָטעלע איז גע־

שטאַנען אויף דער שוועל און געשעפּט נחת פון זיין פּעטער. ער האָט זיך זאָס אָנגעקוקט, איז ער אַוועק איבער וואַרשע געפינען זיינע פּאַקשיצער, וועלכע ער האָט שוין לאַנג נישט געזען. ווי מ׳האָט זיך מיט אים אַרומגעכאַפּט! מ׳האָט אים געכאַפּט אויף די הענט: — מאָטעלע! און ער האָט זיי אָפּגעגעבן אַ גרוס פון פּאַקשיצע. ער האָט זיי אַזוי דערציילט, אַז זיי האָבן אַלץ געהאַט פאַר די אויגן. זיי האָבן אים נישט אַוועקגעלאָזט. אָבער ער האָט געמוזט לויפן צו נאָך פּאַקשיצער. ער האָט אַזוי אַרומגעשטיפט אין וואַרשע ביי אַכט טעג און „יאַזדאַ״, — צוריק אַ היים...

*
**

אַ שמחה ביי טויבעלען. מאָטעלע איז דאָ! דער קליינער שלמהלע האָט זיך צו אים צוגעקלעפּט. ער האַלט אים פעסט. די אַלטע טאַטע־מאַמע און ברידער און שוועסטער, שוואָגערס און שוועגערינס און זייערע קינדער ווי ריזן זענען פריי־לעכע געקומען צו לויפן. מאָטעלע האָט זיי מחיה געווען. ער האָט אין זיי אַריינ־געזעצט נייע הערצער: מאָטעלע איז דאָ! די טיר האָט זיך אַן עפן־געטאָן; קינד און קייט איז זיך צונויפגעקומען: מאָטעלע! מאָטעלע!

מאָטעלע איז געשטאַנען אינמיטן שטוב, אינמיטן פון דער משפחה. דאָס קעפּל אָנגעבויגן אין אַ זייט, גערעדט ווי אַ נעבעכל, דערציילט זיי ווי עס איז געווען: איך בין אַריינגעקומען אין פּעטערס געוועלב. דער פּעטער איז געווען פּאַרנומען מיט קונים. האָט איך געוואַרט. האָט דער פּעטער מיך אַ פרעג געטאָן (ער מאַכט נאָך זיין צעריסענע שטימע): — יונגערמאַן, וואָס זאָגט עטץ? האָב איך אים געזאָגט ווער איך בין, אַז איך בין פייעס זון, אייער שוועסטערס זון. האָט ער מיר געגעבן שלום־עליכם. „וואָס מאַכן זיי דאָרט? זיי לעבן?״. האָב איך אים געזאָגט, אַז זיי לעבן ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר און אַז איך בין געקומען צו אייך, טייערער פּעטער, ביי אייך, צו אַרבעטן אין אייער געוועלב, זיין אייערס אַ מענטש. האָט מיך דער פּעטער בעריש איצט טרויעריק אָנגעקוקט און ער האָט זיך פאַנאַנדערגעוויינט: איך בין אַן אביון. אָט דאָס אַלץ איז נישט מיינס. דאָס היטל אויפן קאָפּ איז נישט מיינס. אַזוי פאַרשולדיקט. אַזוי האָט ער געוויינט... די מומע האָט מיר דערלאַנגט אַ פּעקעלע מיט עסן: נעם עס מיט אין וועג אַריין!

יאַנטשע, דער מומע לאַהקעס יינגל, אַ יונג ביז צום בעליק, האָט זיך אויפגע־קאָכט, אַזוי האָט אים געגריזשעט דער כעס: „אַזאַ פּעטער מעג ליגן אין דר׳ערד״.

— חלילה! חלילה! —האָט די באָבע אָנגעשריגן— מעגסט אים גלייבן. בעריש זאָגט נישט קיין ליגן. ער איז אַן ערלעכער יונג!

זיי האָבן מאָטעלען אָנגעקוקט מיט רחמנות. ער איז זיך אָנגעפאָרן אַכט טעג און צוריק געקומען מיט גאָרנישט. אָבער גאָט איז אַ טאַטע אויך אין פּאָקשיצע.

— און יאָ?

— אַזאַ יאָר אויף מיר.

מאָטעלע איז אַרויס זיך זען מיט זיינע פּאָקשיצער, ווי ער וואָלט שוין דאָ יאָרן נישט געווען. מאָטעלע! און ער האָט זיי איצט דערציילט אַ מעשה וועגן זיין פעטער בעריש, ווי אַזוי דער פעטער בעריש האָט צו אים גערעדט, און איצט די מומע... אַז מען האָט זיך געהאַלטן ביי די זייטן, כאַ־כאַ־כאַ!

# אַזאַ הצלחה!

בעריש סטאַרוועשער האָט געהאַט אַ גאָר גרויסע הצלחה, סיי צווישן די חסידים אין זיין שטיבל און סיי אין זיין משפּחה. בעריש איז נישט געווען קיין צו גרויסער למדן און ער האָט נישט געשטאַמט פון רבנישן יחוס און דאָך האָט זיך אַרום אים געטון אין שטיבל: בעריש וועט באַלד קומען! בעריש האָט גע־זאָגט! בעריש פאָרט אויף יום־טוב צום רבין! מיט זיין קליין גרוי בערדל און גרויסע פּיאות און זיין אָפּגעצויגן דין פּנים און מיטן אָרעמען שטעקעלע, האָט בעריש ביי זיי אויסגעזען ווי אַ גרויסער חסיד פון די גאָר פאַרצייטישע יאָרן. אין שטוב האָט מען בערישן געהאַלטן ווי אַן ארון־קודש. מען האָט אים גאָר־נישט געלאָזט עפּעס טון און מען האָט געהאַלטן אין איין רעדן: דער טאַטע האָט אָנגעזאָגט! דער טאַטע וועט באַלד אַריינקומען! מען דאַרף שוין גרייטן צום טיש. אין די שטיבער פון זיינע אויסגעגעבענע קינדער האָט זיך געטון: דער טאַטע וועט היינט דאָ זיין! קינדער, דער זיידע וועט היינט זיין! די אייניקלעך זענען פריילעכע אַרומגעשפּרונגען: דער זיידע וועט זיין! אַפילו די גרויסע יונגאַטשעס, וואָס האָבן קוים געקענט דאַוונען, האָבן מיט דרך־ארץ געקוקט אויפן זיידן.

בעריש סטאַרוועשער האָט פאַר פּרנסה־וועגן גאָרנישט געטון. אויף פּרנסה האָט געאַרבעט ריווע, בערישעס ווייב און צוגעהאָלפן האָבן אירביידע מיידלעך, וואָס האָבן אויסגעזען ווי שיקסעס און האָבן גערעדט פּויליש ווי שיקסעס. אַזוי גערדיכט און שנעל ווי אַ מיל. זיי זענען אויפגעשטאַנען פון די בעטן, ווען ס'איז נאָך געווען פינצטער אין דרויסן, געגאַנגען מיט די בלעכענע קאַנען אין „הויף" אַריין, גענומען מילך און עס פאַנאַנדערגעטראָגן צו זייערע שטענדיקע קונים. בעריש האָט אין דער צייט געזאָגט תהילים, אַריינגעקוקט אין אַ ספר, געטרונקען טיי און אַז ריווע מיט די מיידלעך זענען אַהיימגעקומען האָט ער זיי געגעבן אַ סך עצות, וואָס זאָלן געבוג זיין פאַרן גאַנצן טאָג. ער איז אַוועקגעגאַנגען אין שטאָט, געווען אין שטיבל, לאַנג געדאַוונט, לאַנג געשמועסט און געיאָגט די חסידים זיי

זאָלן פאָרן צום רבין: אַז מען פאָרט נישט צום רבין איז מען נישט קיין חסיד! אויפן וועג אַהיים איז ער אַריינגעגאַנגען צו די אויסגעגעבענע קינדער, געבייזערט זיך און געזאָגט מוסר, וואָס זייערע קינדער, זייערע אייניקלעך טוען גאָרנישט. האַלטן נישט קיין חומש, אָדער אַ סידור. וואָס וועט זיין פון זיי?! וואָס וועט פון זיי זיין? ער האָט נישט געקענט קוקן ווי דאָס קליינוואַרג איז אַזוי הונגעריק. זיי רייסן פון דער מאַמע, זי זאָל זיי כסדר, אָן אויפהער, געבן עסן. ער האָט געצויגן די פיאהלעך פון די יינגעלעך און געגלעט די מיידלשע קעפלעך: זייט רויק, מאַרדעוועט נישט! נעם אַ סידור, נעם אַ חומש!

בערישעס דערוואַקסענע אייניקלעך זענען אַלע געווען פון איין „מאַשטש״. די יינגלעך זענען געוואַקסן אין דער הויך און אַלע זענען זיי געווען בלאָנד, — אמתע שקצים. זיי זענען געווען גוטע בעלי־מלאכות צו מאַכן טויבן־שלאַקס און זיי זענען געווען אויסגעצייכנטע פייפערס. מיט זייערס אַ פייף האָבן זיי פאַרנאַרט פרעמדע טויבן צו זייערע טויבן־שלאַקס. די מיידלעך זענען געווען פונקט ווי די שיקסלעך אין דאָרף. זיי האָבן זיך אָנגעטאָן ווי די שיקסלעך און ווי זיי, געזונגען מיט באַנומענע קולות. בערישעס זין און איידעמס האָבן אויך פונאַנדערגעטראָגן קאַנען מיט מילך אין שטאָט. זיי זענען געווען ענלעך צו זייערע קינדער, בערישעס אייניקלעך. בערישעס אַלע זין האָבן פון קליינערהייט־אָן מיטגעאַרבעט מיט דער מאַמען ביי די קאַנען מילך און נישט ביים טאַטנס חסידישקייט. ווען עס איז געוואָרן פרייטיק פאַרנאַכט האָבן בערישעס קינדער מיט אַלע אייניקלעך, קליינע און גרויסע, זיך געלאָזט אין שטאָט אַריין, צום זיידנס שטיבל, דאָווענען ווו דער זיידע דאַוונט. עס האָט קיין איין אייניקל נישט געפעלט אין שטיבל. זיי האָבן מיט שטאָלץ געקוקט צום זיידן, צו דער מזרח־וואַנט, לעבן ארון־קודש, ווי ער שאָקלט זיך ביי דער „שמונה־עשרה״ ווי אַ רב, — עס איז זייער זיידע!

**
*

בעריש סטאַרוועשער האָט דערהערט, אַז זיין יחיאלס זלמן איז געוואָרן צו־גענומען צו די זעלנער, האָט ער זיך שטאַרק אויפגערעגט. ער האָט מיט כעס גערעדט צו זיין זון, צו יחיאלן:

— ווי האָסטו דערלאָזט, מ׳זאָל זלמענען צונעמען? האָסט אַלץ געדאַרפט טון, אַפילו דאָס קישן פאַרזעצן! וואָס וועט פון אים ווערן? ווי וועט ער אָפּהיטן יידישקייט?

— יחיאל איז געשטאַנען פאַרן טאַטן מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ:

— וואָס האָב איך געקענט טון, אַז דער יונג איז אַ געזונטער אָרום און אָרום?

ביי בעריש איז דאָס נישט געווען קיין תירוץ.

— זאָלסט זען —האָט ער אָנגעזאָגט יחיאלן— ער זאָל נישט פאַרגעסן מיט־צונעמען די תפילין, אַ סידור און אַ חומש מיט אַלע סדרות. גיב אים מיט עטלעכע טעפּ מיט שמאַלץ. נישט שיין, נישט שיין!

און בעריש האָט אַ קלאַפּ געטון מיט דער טיר.

**
*

יחיאלס זון, זלמן, האָט פון דער זעלנעריי געשריבן אַ היים גאָלדענע בריוו. עס גייט אים זייער גוט: איך האָב שוין אַ בענדל! זלמנס ברידערלעך און שוועסטערלעך האָבן אַרומגעטאַנצט: זלמן האָט שוין אַ בענדל. זלמנס מאַמע, די הויכע צירל, האָט לעבעדיק פאַרגעלייענט דאָס קאַרטל: „איך האָב עס געקראָגן פאַר קענען גוט שיסן, פאַר גימנאַסטיק און פאַר זינגען. איך זינג דאָ ווי אַ חזן. איך פאַרדין אַ ביסל געלט פאַר לערנען די זשלאָבעס". עס פעלט מיר גאָרנישט". יחיאל און די הויכע צירל האָבן זיך זייער געפרייט מיט זלמנס גדולה און די קינדער האָבן אַרומגעטאַנצט: זלמן האָט אַ בענדל! אַז בעריש איז אַרייַנגעקומען צו יחיאלן, האָבן אים דער זון און די שנור און די אייניקלעך אָפּגעגעבן אַ פריי־לעכן גרוס פון זיין אייניקל ביי די זעלנער. עס איז אים קיין עין־הרע זייער גוט, האָט צירל געזאָגט. ער האָט אַ בענדל, האָבן די קינדער געשריגן און יחיאל האָט אויף זיי אָנגעשריגן פאַר זייער טומלען: דרך־ארץ פאַרן זיידן!

—געלויבט דעם אייבערשטן — האָט בעריש אָנגעקוואָלן... עטץ דאַרפט אים אונטערשיקן אַ ביסל שמאַלץ; עס מוז אים שוין אויספעלן און שרייבטץ אים, אַז דער זיידע האָט געזאָגט, ער זאָל זיך נישט אָפּלאָזן, ער זאָל זיין אַ ייִד.

**
*

זלמן איז אַהיים געקומען פון דער זעלנעריי האָט אים קיינער אין סטאַרזיוועס נישט דערקענט, נישט די פויערים און נישט די ייִדן, — אַ יונג, אַ בער! אויסגע־פּאַשעט און הויך ווי אַ בוים און מיט דריי בענדלעך אויף די שליפעס און אַזוי פיל בלעכלעך אויף דער ברוסט און אַפילו איינס אַ גאָלדן מעדאַלעכל. מען האָט אים גאָרנישט אָפּגעלאָזט. אַזוי געפרייט האָט מען זיך מיט זלמנען. אין שטוב איז געווען יום־טוב. די מאַמע אין שבתדיקן קלייד. דער טאַטע איז געגאַנגען מיטן קאָפּ אַרויף און די קינדער האָבן זיך אַרומגעטראָגן מיט זלמנס מתנות.

— דער זיידע איז דאָ!

עס איז געוואָרן אַזאַ טומל צוליבן זיידן. בעריש איז געקומען געבן „שלום

עליכם״ זיין אייניקל, וואָס איז געקומען פון דער זעלנעריי און ווי בעריש האָט אים אָנגעקוקט, האָט ער אים גלייך געזאָגט און מיט געבייזער:

— וואַרף דאָס אַלץ אַראָפּ. טו אויס, טו אויס!

— איך מוז דאָך, זיידע, זיך מעלדן, דאַרף איך אַזוי גיין — האָט זלמן זיך פאַרענטפערט.

— גיין און קום צוריק און וואַרף דאָס אַלץ אַראָפּ און טו זיך אָן ווי אַ מענטש.

זלמן איז געגאַנגען צום גאַרניזאָן מעלדן, אַז ער האָט שוין אָפּגעדינט. אויפן וועג האָבן זלמנען פאַרהאַלטן יונג און אַלט, און אויך די חסידים פון זיידנס שטיבל. זיי האָבן זיך געפרייט מיט בערישס אייניקל.

פאַרן פּולקאָווניק פון גאַרניזאָן, האָט זלמן זיך אויסגעצויגן ווי אַ סטרונע און ווי אַזוי ער האָט אַ מאַך־געטון מיט דער האַנט צום דאַשעק, האָט עס דעם פּול־קאָווניק גענומען און ער האָט געשמייכלט, ער האָט שוין לאַנג ניט געזען אַזאַ גע־ראָטענעם זעלנער. דער פּולקאָווניק, אַן עלטערער מענטש מיט גרוי, דיקע וואָנסעס, האָט באַקוקט זלמנס אויסצייכענונגען און ער האָט זיס געסמאָטשקעט מיט די ליפּן: אַזוי, דו קענסט שיסן. אַזוי, דו קענסט זינגען. אַזוי, דו קענסט אַזוי גוט גימנאַס־טיק, זייער שיין. און וואָס רעכנסטו איצט צו טון?

— איך ווייס נישט, פּאַניע פּולקאָווניק!

— איך וואָלט דיך צוגערעדט, דו זאָלסט ווייטער דינען. וואָלסט גוט געמאַכט און עס וואָלט דיר גוט געשמעקט און וואָלסט דערביי געווען אַ גוטער פּאַטריאָט, זלמנס אויגן האָבן געברענט:

— כ׳רעכן אויך אַזוי, פּאַניע פּולקאָווניקו!

זלמן איז אַ פריילעכער געלאָפן אָנזאָגן דאָס טאַטע־מאַמע.

***

קינד און קייט זענען געשטאַנען אין גאַס און פאַרגאַפטע געקוקט אויף סטאַרוועשערס אייניקל ווי ער קאָמאַנדעוועט עס מיט זעלנער: „ראַז דוואַ!״ און ווי בעריש סטאַרוועשערס אייניקל זינגט ווי אַ חזן און באַלד כאַפּן אַלע זעלנער אויף זלמנס געזאַנג.

— „באַטשנאָשטש!״ (אַכטונג!); „נאַ פּראַוואָ!״ (אויף רעכטס) — האָט זלמן מיט אימפּעט אויסגעשריגן. ער מיט דער האַנט צום דאַשעק און אַלע זעלנער אין קאָמאַנדע גלייך מיט זייער פירער, מיט זלמנען, אויסגעצויגן די פּנימער אויף רעכטס צו אַן אָפיציר, און זייערע פיס האָבן ריטמיש געקלאַפּט אין ברוק, בעריש איז איצט געגאַנגען אין גאַס מיט עטלעכע חסידים און זיי גאַנץ

האַרב געזאָגט: אַז מען פֿאָרט נישט צום רבין איז מען נישט קיין חסיד! — זענען אים אַנטקעגן געקומען אַנדערע חסידים פֿון זיין שטיבל און מיט אַזאַ געלעכטערל, שיעור נישט ווי חוזק: בעריש, אייער אייניקל איז דאָך אַ גאַנצער גענעראַל. ווי ער האָט עס געמאַכט: „ראַז דוואַ, ראַז דוואַ!". זיי האָבן געזען, אַז בעריש ווייסט נישט וואָס זיי בעבען אַזוינס, האָבן זיי אים געוויזן מיטן פֿינגער: אָט פֿירט ער דאָך אַ קאָמאַנדע מיט זעלנער: „ראַז דוואַ, ראַז דוואַ!".

בעריש איז געשווינד אַוועק צו זיין זון, צו יחיאלן. ער איז געווען מלא־כעס. ער האָט געגעבן אַזאַ קלאַפּ מיט דער טיר, אַז די שויבן אין פֿענצטער האָבן אויפֿגעציטערט.

— ווו איז ער, דער יונג?! איך וועל אים געבן מיטן שטעקן איבערן קאָפּ.

זלמנס טאַטע איז געווען ווייס ווי פּאַפּיר: וואָס ענטפֿערט מען דעם טאַטן? דערפֿאַר האָט זלמנס מאַמע, די הויכע און דינע צירל געענטפֿערט דעם שווער מיט אַן אמתן „טשאַק": דאָס איז נאָר אויף עטלעכע וואָכן. דער גענעראַל האָט אים געבעטן, — קען ער אָפּזאָגן דעם גענעראַל?

פֿאַר בערישן איז דאָס גאָרנישט געווען קיין תירוץ. ער האָט ווידער גע־געבן אַזאַ קלאַפּ מיט דער טיר, אַז דער זייגער אויף דער וואַנט האָט זיך אויס־געקרומט.

בעריש האָט שבת פֿאַרן דאַווענען געזאָגט די חסידים:

— דער גענעראַל האָט קוים זיך איינגעבעטן ביי מיין אייניקל, ער זאָל דאָ נאָך זיין אונטער זיין האַנט עטלעכע וואָכן. איז ער דאָך אַ יינגל, איז ער באַ־שטאַנען!...

די חסידים האָבן עס זייער גוט פֿאַרשטאַנען, אַז אַ גענעראַל בעט אַ זעל־נער, קען ער נישט אָפּזאָגן...

# אולטשעס ליבע

אולטשע איז געוואָרן פאַרליבט אין גיטעלען ווען ער האָט איר דערזען דאָס ערשטע מאָל. ווען גיטעלען האָט ער געהערט אַ סך מאָל פון זיין מאַמען, ווען זי פלעגט זיך אומקערן פון פאָקשיצע. מיט ליבע און בענקעניש האָט זי טעג און נעכט דערציילט וועגן יעדער שוועסטער און אירע קינדער, אָבער אַממייסטן און מיט אַ סך מער האַרץ האָט זי גערעדט וועגן הינדעס גיטעלע, וואָס איז שיין און דעליקאַט ווי אַ פּרינצעסין. זי האָט איר אויסגעמאָלט: מיטלוווקס, גראַציעז, סאַמעט־שוואַרצע האָר און גרויסע שוואַרצע אויגן און וואָס פאַר אַ שמייכל. אָבער אולטשע האָט איר דעמאָלט נאָך נישט געהאַט געזען, איז זי אים שנעל אַרויס פון זכרון.

דערזען האָט ער איר אומגעריכט. אַהיימקומענדיק האָט ער געטראָפן לעבן דער מאַמען אַן אומבאַקאַנטע פרוי מיט אַ מיידל, דאַכט זיך, איר מיידל. אַ זעלטן שיין מיידל, אַ שוואַרץ־חנעוודיקע מיט אַ טייערן שמייכל. דאָס האַרץ האָט אים געזאָגט, אַז דאָ איז גיטעלע. עס איז געוואָרן אַ טומל אין זיין קאָפּ. די פרוי האָט זיך צו אים אויסגעדרייט:

— אולטשעלע, טייער אולטשעלע, איך בין דאָך דיין מומע הינדע און דאָס איז מיין גיטעלע. זי איז דאָך דיין קוזינקע.

ער האָט דערשפּירט איר אָנגעגעמען דרוק אויף „דיין". אַ היץ איז דורך זיין לייב. ווי שיין זי איז. זי האָט אים געבלענדט.

גיטעלעס מאַמע, די מומע הינדע האָט אַ צוואַרעמטע גערעדט, דאָ צו זיין מאַמען און דאָ צו אים. דער מאַמען האָט זי אויסגערעדט, וואָס זי איז שוין לאַנג נישט געווען אין פאָקשיצע.

— וואָס איז, מינדעלע, פון דיר געוואָרן?

און צו אים:

— מעגסט, אולטשעלע צו אונדז אַראָפּקומען! עס וועט דיר גאָרנישט פּאַר־דריסן. רבונו־של־עולם אין הימל! עס איז דאָך נישט מער ווי איין שעה מיט דער באַן.

גיטעלעס שיין פּנים איז געוועזן פאַרפלאַמט און אים האָט וויי־געטון דער קאָפּ.

ביים געזעגענען האָט זי אים געגעבן אַ זייד־גלאַטיקע האַנט און איבער איר אויבערשטער ליפּ האָט זיך געפּאַלדעוועט אַ האַרציק שמייכעלע. זיי זענען אַוועק און ער איז געבליבן אומרויִק.

***

ס'איז איצט צוויי וואָכן זינט זיי זענען דאָ געווען און אולטשע ברענט צוצו־פּאָרן קיין פּאָקשיצע. האָט די מאַמע מיט איר גאָלדענעם שכל אים געזאָגט, אַז עס איז אַביסל צו־פרי.

— וואַרט כאָטש נאָך צוויי וואָכן! זיי וועלן דאָך מיינען... וואָס איז?...

מינדעלע, אולטשעס מאַמע, האָט געפילט, וואָס עס טוט זיך ביי איר יינגל, עס איז אים זיבעצן יאָר... זי האָט דאָס נישט אַרויסגעבערענגט אין ווערטער. איר בלייך איידל פּנים און אירע וואַרעמע אויגן האָבן עדות געזאָגט, אַז זי פילט עס דעם שטורעם אין איר יינגל און דאָך האָט זי אים געזאָגט, אַז ער זאָל עס אָפּלייגן כאָטש אויף צוויי וואָכן. ער האָט עס נישט געהערט, ער האָט נישט געקענט, ער איז אַוועק צום באַן.

אולטשע איז אַריין אין דער מומע הינדעס שטוב, ווי אליהו הנביא וואָלט אַריין... גיטעלע האָט אַ צאַפּל־געטון. בלאַס און רויט איז געוואָרן איר פּנים. די מומע הינדע האָט געוואָרפן פון די הענט, זיך אַרומגעכאַפּט מיט אולטשען. אים געקושט איןביידע באַקן און אין שטערן. ביידע קליינע קינדער דער מומעס האָבן איינער דעם אַנדערן געקלאַפּט אין די אַקסלען מיט אַ געלעכטערל: די מאַמע קושט אַ יינגל...

אַ צעגליטער האָט אולטשע גערעדט צו דער מומען און צו גיטעלען, גע־וואָרפן מיט די אויגן דאָ צו דער מומען און דאָ צו גיטעלען, גערעדט כאַפּנדיק און מיט אַ קורצן אָטעם. גיטעלעס אויגן זענען אויף אים געהאָנגען.

אין פאַרלויף פון מינוטן איז די שטוב געוואָרן פול מיט מענטשן, קרובים און סתם מענטשן. קודם איז אַריין דער פעטער צאַלקע — גיטעלעס טאַטע; ער איז אַריין אַ שעמעוודיקער, אַראָפּגעבויגן דאָס פּנים אין דער גרויסער שוואַרצער באָרד: מענטשן האָבן מיר געזאָגט אַז איך האָב אַ גאַסט...

## י. ה. פישמאַן

— שלום־עליכם, ישראלטשע! וואָס מאַכט דער טאַטע? די מאַמע? ווי גייען עס דאָרט די געשעפטן?

עס האָט זיך אויפגעפּראַלט די טיר און עס האָבן זיך אַריינגעשאַרט פעטערס און מומעס און קינדער און סתם מענטשן:

— וואָס מאַכט מען? — אַלע אויף אַ מאָל.

— מען האָט אַריינגעשריגן אין די פענצטער:

— אַ גאַסט איז ביי הינדען!...

די דיקלעכע מומע לאהטשע מיטן רויטן פּנים, האָט געיאָכמערט:

— מינדעלע אויסן אויג!

— הינדע, ווי אַלט איז ער ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר?

דער פעטער זאַנוול, לאהטשעס מאַן, אַ שיטער שטרוי־בערדל, אַז מען האָט זיין גאַמבע אַרויסגעזען, אַ בלאַסער, אַ חלוש, האָט שוואַכלעך געגעבן שלום־עליכם:

—וואָס מאַכט מען?

די מומע נעמי, אַ שמאָלע, מיט רויטע אויגן־לעדלעך, האָט אומגערן אַ שטויס געטון דעם פעטער זאַנוול, אַז ער איז שיעור נישט אומגעפאַלן. שטיל האָט זי גערעדט צו אולטשען:

— איך בין גליקלעך, אַז איך זע דיך, מיין מינדלס קינד!

דער פעטער משהל מיט די רויטע בעקעלעך, נעמיס מאַן, איז אַ פריילעכער צו צו אולטשען, מיט אַ פאַרנעם אים אַ זאָג צו טאָן עפּעס פריילעכס און ער האָט זיך גלייך פאַנאַנדערגעהוסט, ער האָט געמאַכט מיט דער האַנט, אַז ער וועט עפּעס זאָגן און מען האָט געלאַכט. די קינדער זענען געשטאַנען פאַר אולטשען, געווונקען צו אים מיט די אייגלעך. אולטשע האָט געשפּירט אויפן לייב אַ ברענענדיקע היץ. גיטעלע האָט מיט אַ שמייכעלע געשמועסט מיט די מומעס ווי עס איז געווען, ווען אולטשע איז אַריינגעקומען.

— איך האָב זיך אַזוי דערשראָקן!

— קאָזע, ביסט אַ קאָזע, אַז מען זעט אַ יינגל דערשרעקט מען זיך?

די מומע הינדע האָט טאַראַראַמעוועט. זי איז געלאָפן הין און צוריק מיט שיסלען און טעלערס. דער פעטער צאַלקע האָט זיך פריילעך געבייזערט:

— ער האָט נאָך אַלץ גאָרנישט געהאַט אין מויל? מען קען דאָ פאַרהונגערט ווערן!

— גיב מיר צו פאַרשטיין, ישראלטשע, וואָס זענען דעם טאַטנס געשעפטן? אין פּאָקשיצע שמועסט מען גאַנץ שטאַרק, אַז דיין טאַטע איז באַלד ראָטשילד...

אולטשע האָט געלאַכט: — ראַטשילד? אָבער ער איז אַ גרויסער סוחר. טיולן און שפּיצן, זיידנס און סאַמעט. אַ גרויס געשעפט. שפּילט זיך מיט מיין טאַטן! דער פעטער צאַלקע איז געווען נתפּעל פון גדליהס גרויסע געשעפטן אין וואַרשע. ווער האָט עס אים אַזוי געלערנט?! פון וואַנען קען ער דאָס?! ער איז דערביי אויך געווען אין התפּעלות פון אולטשען. ווי ער רעדט זיך אַזוי פּשוט, אַז עס איז אַ מחיה צו הערן. ער מאַכט גרויסע געשעפטן; ער ווייסט ווי גדליה. ער וועט אויך זיין אַ גרויסער סוחר. זייער שיין. ער האָט זיך אונטערגעזונגען: נע, נע...

ביים טיש איז געווען אַ געריויש ווי אויף אַ חתונה, אָדער כאָטש אַ תּנאים. דער פעטער צאַלקע איז געזעסן לעבן אולטשען, אויפן קאָפּ איז געווען בלויז דאָס קאַפּל, ער האָט זיך געזעצט לעבן אולטשען, כדי צו זען וואָס פאַר אַ יינגל ער איז. ער געפעלט אים שוין, ער וואָלט שוין באַשטאַנען, מען זאָל איצט שרייבן תנאים, דער יינגל איז אַ חכם, אָבער פונדעסטוועגן וויל ער זיך מער מיט אים פאַנאַנדעררעדן, כאַפּן זיין תּמצית. די פעטערס האָבן זיך געשטויסן צו זיצן האַרט נעבן צאַלקען, זיי ווילן הערן ווי צאַלקע שמועסט מיט גדליהס בחור. צאַלקע איז קלוג ווי די וועלט, מ'קען זיך אויף אים פאַרלאָזן.

עס איז געווען אַ סעודה, ממש ווי אויף אַ חתונה. די יויך, אַזוי גוט ווי אַ „גילדענע" און פליייש, — מעדני מלך.

אולטשען האָט געבריט אין די פליייצעס, אַז ער איז שיעור נישט אויסגע־גאַנגען. ער האָט זיך אָבער געשטאַרקט, נישט מעגלעך איצט אַרויסצוגיין אַביסל אין דרויסן. ער מוז דאָ זיצן איינגעקרעמפּעוועט, — פאַרפאַלן!

דער פעטער צאַלקע האָט זיך צוגעבויגן האַרט צו אולטשעס פּנים:

— זאָלסט מיר געזונט זיין, ישראלטשע, וואָס טוט זיך אויף דער וועלט? דאָ אין פּאָקשיצע ווייסן מיר גאָרנישט, לחלוטין גאָרנישט.

אולטשען האָט זיך נישט געגלוסט עפּעס צו זאָגן פון די גרויסע נייעסן אין דער וועלט. ער האָט אָבער נישט געקענט מעיז־פּנים זיין גיטעלעס טאַטן. ער האָט געשפּירט, אַז ער דאַרף געווינען חן אין זיינע אויגן... און אולטשע האָט גראָד אַ סך געוווּסט פון די נייעסן מיט וואָס די וועלט האָט געקאָכט.

— איז טאַקע אמת, אַז דיביידע קיסרים האָבן זיך געזען? — האָט דער פעטער צאַלקע געפרעגט.

— יאָ. זיי האָבן זיך געזען אויפן ים! — האָט אולטשע געענטפערט ווי אַ למדן.

— וועט דאָס זיין גוט?

— עס וועט מסתמא זיין נישט גוט, — האָט אולטשע געענטפערט חכמהדיק.

דער פעטער צאַלקע האָט געטאָרעט זיינע שוואָגערס, זיי זאָלן זיך צובייגן און הערן.

— און אַז עס וועט קומען צו אַ מלחמה —האָט דער פעטער צאַלקע געוואָלט וויסן— איז ווער וועט זיגן?

אולטשע האָט געשמייכלט ווי אַ גרויסער מבין אויף מלחמות און האָט גע־ענטפערט מיט אַ געעלכטערל:

— אונדזערער וועט ברוך־השם פאַרשפּילן, און נאָך ווי פאַרשפּילן!

אַלע דריי פעטערס זענען געפאַלן אין חלשות מיט די קעפּ אויפן טיש. עס איז זיי געווען נישט גוט. גאַנץ פּאַקשיצע האָט געזאָגט, אַז אויב רוסלאַנד וועט פאַרשפּילן, וועט זיין אויס מיט יידישקייט, מיט דאַווענען און מיט לערנען און ביי דעם יינגל איז עס גאָר אַ פריידי. אויס! זיי האָבן אַפילו שוין נישט געקענט קוקן אויף אולטשען — אויס!

— גיטל, גיטל! — האָט איר די מאַמע גערופן — גיי אַרויס אַביסל מיט אולטשען. עס איז דאָך אין שטוב אַ געוואַלדיקע היץ.

גיטעלע האָט זיך זייער דערפרייט.

דער פעטער צאַלקע איז אויך אַרויס פאַר דער טיר מיט זיינע צוויי שוואָ־גערס. נישט צוליב דער היץ פון זון איז ער אַרויס, נאָר צוליב דער היץ, וואָס ברענט אים אינעווייניק. ער דאַרף מיט זיינע שוואָגערס אַדורכרעדן; זיי האָבן דאָך דאָס זעלבע געהערט וואָס ער. אָבער וואָס האָבן זיי אים צו זאָגן? ער האָט דאָך געהערט דאָס זעלבע וואָס זיי. עס איז נישט גוט! זיי האָבן געמעקעט, געבעבעט, געדרייט די קעפּ. נישט גוט! וואָס איז צו רעדן? צאַלקע האָט אויסגעזען אַ צעריבענער, אַ צעמאַרשטער.

— צאַלקע, צאַלקע! — האָט הינדע גערופן אין טיר — קום נאָר אַריין. איז ער נעבעך געגאַנגען.

***

אולטשע און גיטעלע האָבן זיך מחיה געווען אויף דער לופט. אַרויס פון אַזאַ גהינום, פון אַזאַ מוראדיקער היץ, אַ מחיה! גיטעלע האָט אולטשען געפירט פאַר־ביי גערטנער מיט אויפגעגאַנגען קרויט און אויפגעשפּראָצטע פעטרושקע; פאַרביי סעדער מיט אַריבערגעבויגענע ביימער מיט עפּל און פלוימען. די זון האָט ברייט געשיינט איבערן וואַלד.

— איך זע, עס געפעלט דיר — האָט גיטעלע אים געשמייכלט.

— אַלץ הייסט געפעלן! און דאָ דאַרף איך נאָך צוריקפאָרן אין דעם וואַרשע.

— דו קענסט דאָ בלייבן — האָט גיטעלע אַ פריילעכע אונטערגעכאַפּט.

אַ מחנה פייגל האָט מיט פריילעכן רעש דורכגעשוועבט איבער זיי. אולטשע האָט דאָס נאָכגעקוקט ווי אַ קינד. עס איז דאָך ביי אים דאָס ערשטע מאָל...

— און אָט איז אונדזער טייך. אַ קליינער טייך, אָבער גאַנץ טיף.

עס האָט דעם יינגל געגלוסט קאַטאָוועסדיק צו זאָגן: לאָמיר, גיטעלע אַריין אין טייך! ער האָט אַליין געלאַכט פון דעם איינפאַל. אָבער אַז ער האָט שוין גע־האָט דעם איינפאַל, האָט ער געשפּירט אַ געוואַלדיקן לוסט זיי זאָלן זיך אַראָפּלאָזן אין טייך. זיי וועלן שווימען האַנט ביי האַנט. זיי וועלן זיך האַלטן אַרומגענומען און אַזוי שווימען. ער האָט געשפּירט, אַז ער פאַלט אין חלשות, אין זיסער מיד־קייט, — ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן גראָז.

מיט אַ טייער שמייכעלע אין ווינקל פון איר אויבערשטער ליפּ, האָט זי אויך זיך אַראָפּגעלאָזט. זי האָט פּלוצים געקריגן פון אולטשען אַ הייסן קוש אין פּנים, אַזאַ הייסן, אַז עס איז איר הייס געוואָרן אין אַלע אירע גלידער. אַ נעפּל איז פאַרגאַנגען אירע אויגן. זי האָט געמאַכט אַן אָנשטעל פון ברוגזדיקייט. אירע ברע־מען האָבן זיך געברוגזט אויף קאַטאָוועס. ער האָט זי געקושט, געקושט מיט נשמה און איר האַנט האָט געגלעט זיין קאָפּ.

עס איז געוואָרן נאַכט. נישט ווילנדיק האָבן זיי זיך אויפגעהויבן.

אַלע פענצטער האָבן זיך געעפנט: חתן־כלה! גוט איז זיי געווען דאָס צו הערן.

***

אַז הינדע האָט אים גערופן, איז צאַלקע אַריינגעגאַנגען. ער האָט נישט פאַר־שטאַנען הינדען, וואָס זי פּראַוועט אַזאַ יום־טוב איבער מינדלס יינגל.

די שוואָגערס זענען אים נאָכגעגאַנגען, זיי האָבן געפילט, עס וועט זיך עפּעס טון. הינדע האָט איר מאַן אַוועקגענומען אין אַ זייט. זי האָט מיט אים צו רעדן, און זיי דאַרפן עס נאָך נישט הערן, שפּעטער, נישט איצט. זי האָט צו איר מאַן געשמייכלט. עס גייט דאָך איר וועגן זייער קינד און וועגן איר שוועסטערס קינד. עס איז דאָס גלייכסטע וואָס קען זיין. בעסערס איז נישטאָ.

— שאַ, שאַ! — האָט צאַלקע כמעט געשריגן — דאָס בעסטע, דאָס בעסטע, און איך זאָג: ניין, ניין! האָסט געהערט? ניין, ניין!

הינדע איז געבליבן טויט.

— וואָס האָסטו אַזוינס אין אים געזען? — האָט זי אים געפרעגט — וואָס אַזוינס?

— פרעג זיי. זאַנוול, משהל, קומטס אַהער, זאָגטס איר, — עטס האָט דאָך געהערט דאָס זעלבע וואָס איך.

— און יאָ, און יאָ — האָבןביידע שוואָגערס געקרעכצט — און יאָ.

— וואָס יאָ, וואָס יאָ? עטס וועט פון גיהנום נישט אַרויס פאַר באַרעדן מיין מינדלס יינגל.

די דיקע לאהטשע מיטן רויטן פנים האָט געדונערט אויף איר גרעבלעך קול:

— וואָס איז געשען, הינדעשי?

און די דינע בלאַסע נעמי האָט אָנגעשוועבט און האָט איר שוואָגער זאַנוול, לאהטשעס מאַן, שיעור נישט אומגעוואָרפן.

— דאָ איז אַ שמחה און איר קריגט זיך גאָר?!

— צאַלקעלע, צאַלקעלע! — האָט הינדע זיך געררייצט — עס וועט שוין יאָ זיין!

— אַז איך זאָג ניין, וועט זיין ניין! — האָט צאַלקע שוין געשריגן.

זיין שוואַרץ פנים האָט געגליט און די אויגן זיינע האָבן געברענט.

עס איז געוואָרן טויט־שטיל. די ווייבער אין איין ווינקל און די מאַנסבילן אין אַנדערן ווינקל. עס האָט אויסגעזען ווי צוויי צדדים, וואָס גרייטן זיך אויף מלחמה און ווי דאָס פּאָרל איז אַריינגעקומען, איז צאַלקע מיט די שוואָגערס אַרויס פון שטוב.

גיטעלע און אויך אולטשע האָבן גלייך באַמערקט די צערודערטקייט ביי דער מאַמען און די מומעס, אַז זיי שטייען ווי ווייבער אין מאַרק, וואָס מ׳האָט נאָר־וואָס באַגנבעט. די ווייבער זענען געשטאַנען אין אַ ווינקעלע אין אַ קופּקע, ווי זיי וואָלטן נאָך אַלץ געווען אין דער מורא פאַר די מענער.

— מאַמע — האָט גיטעלע געפרעגט — וואָס איז דאָ געווען? עפּעס זעט עס אויס...

—איך האָב דאָ געהאַט אַ גאַנצע קריג מיט דיין טאַטן — האָט איר די מאַמע געזאָגט שטיל, בסוד — זאָג עס אים נישט. עס געפעלט אים נישט אולטשע. ווי געפעלט ער דיר? זאָג עס נישט אולטשען.

גיטעלע האָט געמאַכט מיט אַ פינגער אַזאַ מינע, ווי זי לאַכט זיך אויס, וואָס דער טאַטע האָט געזאָגט.

— נאַרישקייטן!

זי האָט דער מאַמען מחיה געווען. אַבי עס איז נאַרישקייטן. די שטוב האָט צוריקגעקראָגן אַ פּנים. דאָס פּאָרל איז געווען פריילעך און די מאַמע מיט די מומעס האָבן צוריק געהאַט די מראה פון מענטשן.

**

דער פֿעטער זאַנוול און דער פֿעטער משהל זענען נישט געקומען און זיי האָבן געוווּסט, אַז אולטשע פֿאָרט איצט אַהיים. נישט כדאַי. אַזאַ ייִנגל, זאָל ער פֿאָרן געזונטערהייט, אָבער גיין צו אים זיך געזעגענען?!

דער פֿעטער צאַלקע, גיטעלעס טאַטע, האָט זיך אַרומגעדרייט ווי אַ ברוגזער האָן. אָבער די מומעס און דאָס פּאָרל, גיטעלע און אולטשע, האָבן זיך נישט גע־נומען צום האַרצן, וואָס זאַנוול און משהל זענען נישטאָ און וואָס דער פֿעטער צאַלקע זעט אויס אַזוי ביטער נעבעך, דרייט זיך אַרום ווי ער זוכט עפּעס. די מומעס האָבן פֿאַרשטופּט זייער טרויער, וואָס עס ווערט נעבעך נישט פֿון שידוך. זיי האָבן זיך געמאַכט האַרץ צו זײַן פֿריילעך, אולטשע זאָל נישט אַהיימפֿאָרן מיט אַ שלעכטער מיינונג, גיטעלע זאָל נישט זײַן פֿאַרטרויערט אויף איר ביטערער מערכה, — זי איז דאָך אַ קינד. און דאָס פּאָרל אַליין, ווי קינדער, וואָס ווייסן ווייניק וואָס עס שטייט זיי צוקאָפּנס, זענען הײַנט געווען פֿריילעכער ווי נעכטן. גיטעלע איז גאָר נישט די זעלבע גיטעלע: אַ פֿריילעכע קאָזע! און זיי ביידע שטיפֿן עס אַרום מיט רעש. אולטשעלע איז אינגאַנצן אַרויס פֿון די האָלאָבליעס. ער האָט אַרומגעטאַנצט און אַרומגעשפּרונגען מיט דער מומע הינדעס יאַטלעך, מיט איציקן און שרה־ברײַנען.

צאַלקע, וואָס האָט אויסגעזען שטאַרק פֿאַרעלטערטערט קעגן נעכטן, איז אַ פֿאַרקרומטער אַרויסגעגאַנגען צו די וועגעלעך, זען ווען זיי פֿאָרן צו דער באַן, ער איז צוריקגעקומען פֿאַרקרומט, וואָס ערשט אין אַ שעה אַרום וועלן זיי אָפּ־פֿאָרן צו דער סטאַנציע. די צוויי חברה, אולטשע און גיטעלע האָבן דאָס אויפֿגעכאַפּט און זיך שטאַרק צעלאַכט. די מומעס האָבן געקוקט, ווי די קינדער זענען זיך אַזוי גינציק און זיי ווייסן נעבעך נישט, אַז עס איז גאָרנישט געוואָרן.

פּלוצים האָט דער מומע הינדעס פּנים אויפֿגעפֿלאַמט. זי האָט זיך דערמאָנט, וואָס איר שטייט פֿאָר און אַז זי וועט זיך שעמען אין וואַרשע אַרײַנגיין צו מינד־לען. עס האָט אַזוי געפֿלאַמט, אַז גיטעלע האָט איר געפֿרעגט:

— מאַמע, וואָס ברענט דיר דאָס פּנים?

מען איז אַרויס צו די וועגעלעך. גיטעלע איז געווען אָנגעטאָן אין איר שענסטן: אַ נײַע ווײַסע בלוזקע מיט אַ שטרויענעם קאַפּעליושל מיט אַ בלום. זי האָט מיט אַ שמייכל אַ זאָג געטון:

— אולטשע, קום, דער פֿאַיעזד גייט אַוועק.

די קליינע חברה, איציקל און שרה־ברײַנע זענען געגאַנגען פֿאַראויס צע־

ווילדעוועט. איציקל האָט צוגערעדט זיין שוועסטערל אוןביידע האָבן געטומלט, אַז זיי ווילן מיטפאָרן קיין וואַרשע. נאָך זיי איז געגאַנגען דאָס פּאָרל. פּאָקשיצע איז איצט געווען פרישער און שענער פון נעכטן. זיי האָבן צווישן זיך גערעדט און געלאַכט. נאָכדעם זענען געגאַנגען די מומעס ,געקרעכצט און געזיפצט און ווייט נאָך זיי איז געגאַנגען דער פעטער צאַלקע. ער איז געגאַנגען ווי מיט קראַנקע פיס. מען איז געשטאַנען ביים לעצטן וועגעלע און נאָך גערעדט. נאָך אַ מינוט. נאָך אַ מינוט. דאָס זענען געווען טייערע מינוטן.

— אַ גרוס דער מאַמען, אַ גרוס דעם טאַטן.

— אַ גרוס, אַ גרוס...

און ווי דאָס וועגעלע האָט גערירט מיט אולטשען, וואָס האָט געפּאָכעט מיט דער האַנט האָט גיטעלע געטון אַ ווילערישן שפּרונג אַריין אין וועגעלע. דער בעל־עגלה האָט אַ הייסן שמיץ־געטון איבער זיין פערד: „עס איז שפּעט!״. גאַלאָפּ. און ביידע חברה אין וועגעלע האָבן געלאַכט מיט די ציין און געמאַכט מיט די הענט. די ווייבער האָבן זיך געכאַפּט און זיך אָנגעכאַפּט ביי די הענט. צאַלקע איז צוגעלאָפן מיט אַ ווילד געשריי: גיטל! דאָס וועגעלע איז שוין געווען העט־העט אונטערן שטויב־וואָלקן. מען האָט נאָר געזען הענט אין דער לופטן. ער האָט געגרילצט אויף זיין ווייב און אויף די שוועגערינס, אַז דאָס איז זייערע קעפּ אין דעם דעם: — איר, איר!!!״...

— פּאָקשיצע איז אַרויס פון די הייזער!...

# אהרן פונעם מילכל

ביז דער חתונה איז אהרן געווען אַ בית־מדרש־בחור. ער האָט געלערנט און געהאַט אַ שם פון אַ למדן. מענטשן האָבן געמיינט, אַז אהרן וועט מיט דער צייט זיין אַ רב, אָבער ער האָט וועגן דעם אַפילו נישט געטראַכט. ביים גאַנצן למדנות האָט ער אויסגעזען ווי אַ יונג פון אַרבעט: העל־בלאָנד, שקאָציש, דאָר־פיש. נאָך דער חתונה, ווען ער האָט געזען אַז מען דאַרף פרנסה, איז ער געוואָרן גאָר אַ מילנער. פון קליינערהייט אָן האָט ער ליב געהאַט צו גיין לעבן מילן, צו זען מילן, צו הערן דאָס קלאַפּן פון די מאַשינען, וואָס מאָלן מעל, — עסן פאַר מענטשן.

אהרן האָט אויפגעשטעלט אַ קליין מילכל, נישט קיין מיל מיט מאַשינען, נאָר מיט אַ פערד. דאָס פערד האָט געשלעפּט אַ קלאָץ און דער קלאָץ האָט מיט זיך געשלעפּט לעדערנע פּאַסן, וואָס זענען געווען פאַרלייגט אויף צוויי רעדער און עס האָט געמאָלט, עס האָט געקלאַפּט ווי אַלע מילן. אהרנס מילכל האָט נישט געמאָלט קיין מעל, נאָר בלויז אָרעמע קאַשעס, וואָס פּויערים פון די דערפער האָבן געברענגט.

ווען קיין קינד איז נאָך נישט געווען, האָט אהרן אוודאי געמוזט אַליין זיין אין מילכל. ווער האָט עס אים געקאָנט העלפן? אפשר רבקה, וואָס קוים די נשמה האָט איר איר געפאָכעט? און אַז עס איז געוואָרן אַ פולע שטוב מיט קינדער, זענען די ייִנגלעך געגאַנגען אין חדרים און נפתלי, וואָס איז שוין געווען אויס־געוואָקסן פון די חדרים איז אַוועק אין בית־מדרש, געלערנט מיט התמדה און מיט דער כוונה טאַקע יאָ צו זיין אַ רב. די ייִנגלעך, אַפילו נפתלי, האָבן אַלעמאָל גע־וואָלט זיך אַריינכאַפּן אין מילכל, העלפן דעם טאַטן צו ווערן אַ גרויסער מילנער, אָבער אהרן האָט זיי נישט געלאָזט, זיי זאָלן פאַרבייגן דאָס לערנען צוליבן מילכל, האָבן זיי געלערנט תורה און ער איז געווען מילנער. זיין באָרד און די ברעמען זענען געווען אָנגעפּעלצט מיטן שטויב פון מאָלעכץ, גלייך ווי ביי אַלע מילנערס. עס האָט אָבער אָפט געטראָפן, אַז דאָס פערד, אַן אַלט פערד, מיט אַ לאַנגער קאָל־

טענעוואַטער גזשיווע, האָט נישט געוואָלט פאָלגן דעם באַלעבאָס, עס האָט נישט געוואָלט גיין כסדר, אָן אויפהער, ראָד־אַרום, ראָד־אַרום. עס האָט זיך פּלוצים אַ ריס־געטון צו גיין רעכטס און לינקס. עס האָט נאָך געדענקט די אַמאָליקע „יאָז־דעס". האָט אהרן דעמאָלט דערזען פייער פאַר די אויגן: דאָס מילכל דרייט זיך איבער. דאָס האַרץ איז אים שיעור נישט אַרויסגעפאַלן ביז ער האָט באַרויִקט דאָס פערד. עס האָט אָבער געקוקט מיט חידוש אויף דעם אהרנען, וואָס איז אַזוי איינגעעקשנט.

די לעדערנע פּאַסן האָט זיך אויך אַמאָל פאַרגלוסט אַ שפּרינג צו טון, אַראָפּ פון די רעדער און עס איז מיט אַמאָל געוואָרן אַ גרילצעריי, ווי ביי וואַגאָנעס, וואָס זענען אַראָפּ פון די רעלסן. ווי גרויס ער איז געווען אהרן און מיט זיין גאַנצן געזונט, האָט ער זיך געוואָרפן אויף די שפּרינגנדיקע פּאַסן, זיי אָנגע־כאַפּט מיט די בלויזע הענט. ער האָט זיי געשלעפּט און זיי ווידער האָבן אים געשלעפּט. ער האָט געאַרבעט מיטן לעצטן אָטעם און אָפּגעראַטעוועט. ס׳איז צוריק מילכל! די פּאַסן לויפן מיט די רעדער. עס מאָלט, עס שיסט מיט שטויב אויף זיין באָרד. ער שמייכלט: עס מאָלט! און פּרנסה האָט אהרן געדאַרפט ווי יעדער שיינער באַלעבאָס. אַ שטוב מיט קינדער קיין עין־הרע.

ער האָט קיינמאָל נישט געדענקט וויפיל קינדער ער פאַרמאָגט, זיי זאָלן געזונט זיין, ציילן טאָר מען נישט... די שטוב איז געווען אַ קליינע, און גאָר אַ קליינע, אָבער ענג איז דאָ נישט געווען. די יינגלעך זענען דאָך געווען אין די חדרים און נפתלי אין בית־מדרש. רבקה און די מיידלעך האָבן געהאַלטן אין איין קאָכן, דאָ אָנבייסן, דאָ מיטאָג, דאָ וועטשערע.

וויפיל עס האָט אָפּגעקאָסט הלבשה און שכר־לימוד און נאָך ׳נאָך. דאָס אַלץ איז ביט קיין גראָשן און דאָס האָט ער אַרויסגעקריגן פון מילכל. ער האָט דעריבער געאַרבעט מיט חשק, מיט אַפּעטיט — עס איז פאַר זיי, פאַר דער שטוב.

**
*

ער האָט געאַרבעט מיט חשק און ברען און זיין קאָפּ און דאָס האַרץ זענען אים געווען אין שטוב. אָט דאָ אין הייפל איז דאָך זיין פענצטער. עס האָט אים אַלעמאָל אָנגעריסן צוצולויפן צום פענצטער. ער האָט אָבער מורא פאַרן פערד און פאַר די פּאַסן, זיי קענען אים דערווייל אויפרייסן דאָס גאַנצע מילכל; עס האָבן אים געלאָקט די שטימעלעך פון זיינע קינדער, ער האָט זיי דערהערט, ווען זיי זענען צוריקגעקומען פון חדר. עס איז אים גוט געווען צו הערן פריידעס רעדן אונטערן נאָז, עס האָט אים גערייצט, עס האָט זיך אים געוואָלט זען צי לייבעלע

און מענדעלע זענען היינט געגאַנגען אין חדר. אַ גאַנצע נאַכט האָבן לייבעלען וויי־געטון די ציין און מענדעלען האָט וויי־געטון דער קאָפּ. ער האָט זיך דער־מאָנט ווי פריידע איז נעבעך אַזוי בלאַס — זי איז דאָך אַ כלה־מיידל, שדכנים דאַרפן קומען!... עס מוז איר עפּעס זיין!... אַזוי בלאַס צו זיין!... פאַר פריידען האָט אים געציטערט דאָס האַרץ, וואָרן וואָס פאַר אַ שדכן עס איז געקומען, איז אַלץ געווען אַ שידוך פאַר נפתלין, — אַ שטאָט מיט באַלעבאַטים רייסט זיך צו קריגן נפתלין פאַר אַן איידעם. דאָס האָט אים וויי־געטון! איז דאָך פריידע די עלטערע און נישט נפתלי. ער האָט זיך אָנגעצונדן: ער וועט עס קיינמאָל נישט טון! פריער צו טון אַ שידוך מיט נפתלין. ער וועט דאָס נישט טון! און זי איז דאָך באמת אַ יפת־תואר און אַ געראָטענע און אַ שטילע. דאָס וואָס זי איז אַזוי בלאַס איז גאָרנישט. רבקה וועט מיט איר גיין צום דאָקטער, וועט איר פאַרשרייבן אַ רעצעפּט. און פלוצים איז ער געלאָפן צו זיין פענצטער. די טיר פון דער שטוב איז געווען אין אַנדערן הייפל. ער האָט אַריינגעשפּרייזט אין שטוב דורכן פענצטער:

— וואָס רבקה, לייבעלע און מענדעלע זענען געגאַנגען אין חדר? אַ געזונט אויף זיי, ווען גייסטו מיט איר צום דאָקטער? עס איז וואָר געווען?...

ער האָט געהאַט נאָך אַ סך צו פרעגן. ער האָט דאָך אָבער איבערגעלאָזט דאָס מילכל אויף גאָטס באַראָט: אָ, אָ, עס טוט זיך דאָרט! דאָס מילכל געוואַלדעוועט! ער איז געלאָפן ראַטעווען...

***

די בעסטע שעה אין טאָג איז ביי אים געווען, ווען די זון האָט זיך געזעצט. ער וועט באַלד זיין אין שטוב. אהרן האָט דעמאָלט אונטערגעיאָגט דאָס פערד ראָד־אַרום, ראָד־אַרום; ער איז מיט אויסגעשטרעקטע הענט נאָכגעלאָפן די פליִען־דיקע פּאַסן, זיי זאָלן כאָטש איצט נישט מאַכן קיין קונצן, שנעל, שנעל! די רויטע זון האָט כישופדיק געפאַרבט זיין באָרד און זיין פנים. ער האָט אַ באַרויִקטער צו־געטראָגן דעם פערד אַן עמער וואַסער, אים געגעבן אַ זאַק מיט עסן, זיך צוגעהערט מיט פאַרגעניגן ווי דאָס עסן גייט אין פערדס האַלדז. ער האָט נאָכגעקוקט מיט דאַנקבאַרקייט צום פערדס רויִקן גאַנג צו דער שטאַל.

די וועטשערע איז שוין געווען אויפן טיש. פאַרע האָט זיך געהויבן פון די הייסע קאַרטאָפליעס.

לייבעלע און מענדעלע האָבן שוין געגעסן וועטשערע. זיי האָבן געגעסן מיט גרויס אַפּעטיט.

— קינדער, געבן אייך נאָך אַ ביסל? — האָט זיי די מאַמע געפרעגט.

זיי האָבן געשאָקלט מיט די קעפּלעך, אַז יאָ.

— פרעג נישט, פרעג נישט —האָט אהרן געזאָגט — זיי זענען דעם גאַנצן טאָג געווען אין חדר. זיי האָבן שווער געאַרבעט. אמת, קינדער?

— נפתלי איז נאָך נישט געקומען? — ער האַלט גאָרנישט פון עסן.

— רבקה, פריידע, אַהער צום טיש!

איך עס שוין דאָ — האָט פריידע נאָזלדיק געענטפערט.

עס האָט אים אָנגעכאַפּט ביים האַרץ. ער האָט געפילט פאַרוואָס זי זיצט נישט ביים טיש.

די טיר האָט זיך געעפנט.

— ברוך־הבא, ר׳ זילקע!

דאָס איז געווען אַ שדכן, אַן אויסגעטרוקנט פּנים, אַ קליין ווייס בערדל, אָבער מיט אַ יינגלערישע שטימע.

— גוט ב׳אָוונט!

— זעצט זיך, ר׳ זילקע. איך גיי באַלד מיט אייך אַרויס.

ער איז געווען זיכער, אהרן, אַז עס איז ווידער אַ שידוך פאַר נפתלין, איז עס אים געווען שטאַרק נישט אָנגענעם. ער האָט געפילט פריידעס האַרץ, פריידעס פּנים איז געוואָרן רויט און באַלד צוריק בלאַס. ער וועט איצט דעם זילקען געבן אַ יאָג, — ווייסט ער דען נישט, אַז דאָס מיידל איז עלטער?! ער וועט נישט טון פריִער אַ שידוך מיט נפתלין, פאַר קיין שום זאַך אין דער וועלט!

— קומט ר׳ זילקע, איז אהרן מיט אים אַרויס אין יאָגעניש — וואָס האָט איר מיר צו זאָגן?

— איך האָב זייער אַ גלייכן שידוך — האָט זילקעס יינגלערישע שטימע געזאָגט — פאַר דיין מיידל.

אהרנס קאָפּ האָט זיך הויך אויפגעהויבן. זיינע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן.

— קומט ר׳ זילקע, קומט אַריין, זאָגט עס מיין ווייב.

— און דיר קען איך עס נישט זאָגן?

— קומט, קומט! רבקה הער נאָר, וואָס עס זאָגט ר׳ זילקע.

— און יאָ —האָט זילקע געזאָגט— איך האָב זייער אַ לייטישן שידוך פאַר אייער מיידל. איין קליינִיקייט! אליהו בינעמס יינגל. שוין איין מאָל אַ שידוך!

פריידע איז ראַש אַרויס פון שטוב. זי איז געוואָרן צעטומלט.

— ווען קען מען קומען זען די כלה? — האָט ר׳ זילקע געפרעגט.
— רבקה, מאָרגן? ניין, ניין, מאָרגן נישט; איבערמאָרגן.
— בלייבן עס איבערמאָרגן.
— יאָ, יאָ! איבערמאָרגן.
— איז גוט. אַ גוטע נאַכט!

# אַ טייערע באָבע

דער אונטערשייד פון וועלוועלען צו שרה־גיטלען, איז פונקט ווי דער אונ־טערשייד פון אַ מלמד צו אַ סוחר; וועלוועלע איז טאַקע געווען אַ מלמד און שרה־גיטל, וועלוועלעס ווייב, וואָס האָט נישט געפירט קיין מסחר, איז זי אָבער געווען אַ סוחרישער מענטש; זי האָט דעם סוחרישן שניט. וועלוועלע האָט געהאַט אַ חדר מיט זעקס תלמידימלעך, יינגלעך, וואָס האָבן געוואָלט לערנען און זיי זענען שוין געווען גאַנץ שפּאָרע בחורים, בר־מצוה־בחורים און זיי זענען אַלע, חוץ ישראל־טשען, געווען ווּקסיקע יונגען. זלמן האָט אויסגעזען ווי אַ חתן־בחור; בערל האָט אויסגעזען ווי פון אַ יאָר פופצן; די אַנדערע — פון דרייצן־פערצן. נאָר ישראלטשע האָט אויסגעזען אַ יינגעלע, — ער האָט זיך גאָרנישט אַריינגעפּאַסט אין דעם חדר. ער איז געווען קליין, שמאָל און בלאַס. מ׳האָט אים געקענט אָננעמען פאַר אַ יאָר עלף. די גרויסע יונגען האָבן זיך געהאַלטן אין גרויסן, סיי מיטן לערנען און סיי מיט זייער גרויס־בחורישקייט און ישראלטשע פלעגט זיי נאָכגיין און ער איז גע־ווען זייער צופרידן, וואָס זיי יאָגן אים נישט אַוועק פון זיך.

וועלוועלע האָט יעדן טאָג געזאָגט פאַר זיי אַ שיעור. וועלוועלע איז געווען אַ גרויסער למדן און דערצו האָט ער געהאַט זייער אַ גוטע נאַטור, — אַ נאַטור פון אַ יידענע, האָט דערפאַר זיין שיעור זיך גוט צוגעקלעפּט צו די יינגלעך. זיי האָבן ליב געהאַט זיין ווייס בערדל מיט די ווייבעריש־גוטע אויגן, אַז ער האָט געלערנט גמרא האָט וועלוועלע אַזוי ווי געזונגען און ביים לערנען תנ״ך האָט ער אַזוי ווי געוויינט. דאָס אַלץ האָט ביי זיי אויסגענומען. ער האָט זיי קיינמאָל נישט פאַרהערט. ער איז געווען מיט בטחון, אַז זיי וועלן קענען. אַז אַ יינגל האָט אַ שטיף־געטון האָט וועלוועלע אַריינגעשמייכלט אין ווייסן בערדל.

שרה־גיטל, וועלוועלעס ווייב, איז געווען גאָר אַן אַנדער מענטש. ווען זי וואָלט געווען אַ מאַנסביל און אַ מלמד, וואָלט זי געהאַט —אַזוי האָט זי אָפּט גע־זאָגט— אַ חדר פון פופצן אָדער צוואַנציק יינגלעך און נאָך מער. פון זעקס יינגלעך

קען מען נישט האָבן קיין פּרנסה. װעלװועלע האָט דערויף געזאָגט: גענוג, גענוג זעקס! ער האָט געשמייכלט פון זיין װייבס בריהשקייט. זי האָט געלערנט איר מאַן, אַז ער זאָל זיין שטרענגער צו די יינגלעך. װעלװועלע האָט געשמייכלט: — װאָס אַרט דיך, אַז זיי שטיפן? קינדער; זאָלן זיי שטיפן! אַלע אַנדערע ענינים זענען געװען אויסשליסלעך שרה־גיטלס. װעלװועלע האָט זיך אין זיי נישט געמישט. ער האָט איר נישט איבערגעפּרעגט. ער האָט גענוג געהאַט דעם חדר, גענוג פאַר אים! און אַז עס האָט געטראָפן, אַז ער האָט יאָ עפּעס געזאָגט, האָט זי אויף אים געגעבן אַ קוק, דאָס הייסט, ער זאָל גאָרנישט זאָגן, איז נישט. די יינגלעך אין חדר װאָלטן דער רביצין אפשר פיינט געהאַט, װאָס זי רעדט אָן דעם רבין צו זיין צו זיי אַ שלעכטער, אָבער שרה־גיטל האָט אַזוי געפירט, אַז זיי האָבן אויך איר ליב געהאַט, זי האָט זיי יעדן בייטאָג געגעבן טיי מיט קיכעלעך. זיי האָבן טאַקע דערפאַר באַצאָלט, אָבער זי האָט נישט געמאָנט. עס הייסט, אַז זי איז זיי מכבד און זיי װידער באַצאָלן איר, װייל עס קאָסט דאָך. צו אַלע אירע ענינים האָט זי צוגעצויגן די יינגלעך, זיי זאָלן איר זיין בייהילפיק. אַזוי פלעגט זלמן, דער גרעסטער יונג אין חדר, אַלעמאָל צוגיין אין גאַס דערליידיקן סחורה פאַר חנינאן, דעם רבינס זון אין פאָקשיצע. נאָר זלמן האָט זיך דערצו געטויגט, ער איז געװען אַ סוחריש קינד, ער האָט געװוסט װי איין און װי אויס, ער האָט דאָס אַלץ געמאַכט שנעל און גוט און חנינא האָט געשריבן קאַרטלעך צו דער מאַמען: מאַמע, דאָס לעצטע פּעקל סחורה איז גאָר גוט געקויפט, האָסט עס זייער גוט געמאַכט! זלמן האָט געלייענט אַלע קאַרטלעך פון חנינאן. צו חנינאן האָט זי אַליין געשריבן, אָן קיינעמס הילף; אַ מאַמע שרייבט אַזוי װי זי קען, — אַבי ער פאַרשטייט מיך. אַנדערש איז געװען מיט חנינאס קאַרטלעך. יעדעס קאַרטל איז געװען װי אַ װאַלד, מיט געדיכטע קליינע ביימלעך און דערצו איז געװען אַ שלל מיט גמרא־װערטלעך און אפילו פון תרגום, — דאָס האָט שוין שרה־גיטל נישט געקענט. זי האָט דאָס געגעבן זלמנען און זי האָט אָנגעקװאָלן, װי שנעל ער לייענט דאָס דורך און װי שנעל ער זאָגט עס איר. זיי ביידע האָבן זיך גוט אָנגעלאַכט פון חנינאס שרייבן צו דער מאַמען, װי זי האָט גוט איינגעקויפט!...

זי האָט קיינמאָל נישט געבעטן איר מאַן, ער זאָל איר פאַרטייטשן, װאָס חנינא שרייבט. ערשטנס, האָט זי נישט געװאָלט אים מאַכן פאַר איר לייענער; צװייטנס, האָט זי געהאַלטן, אַז ער דרייט איבער, אַז ער זאָגט, װאָס עס שטייט גאָרנישט אין קאַרטל. װעלװועלע איז געװען אַ טייערער טאַטע, אַ גוטער טאַטע אָבער אַז שרה־גיטל איז דאָ דערביי, האָט ער זיך נישט װאָס צו מישן, אַפילו דעם שידוך מיט חנינאן װער האָט דורכגעפירט? נישט דער טאַטע, נאָר די מאַמע;

זי איז אַליין אַראָפּגעפּאָרן קיין פּאָקשיצע זען דעם שידוך. וואָס וואָלט, למשל, אויפגעטון וועלוועלע, ווען ער פאָרט אויך מיט? — גאָרנישט! ער וואָלט געווען נישט מער ווי אַן עדות; זי האָט געזען די כלה, נו, איז וועלוועלע עפּעס אַ מבין אויף אַ כלה?... זי האָט דער כלה באַקוקט פון אויבן אַראָפּ. און זי האָט עס נישט געמאַכט מיט איין קוק — זי איז שרה־גיטל! זי פאַרלאָזט זיך נישט אויף זיך אַליין מיט איין קוק. זי איז געווען אין פּאָקשיצע דריי טעג, זי האָט גערעדט מיט דער כלה, געוואָלט אויסגעפונען צי זי איז אַ קלוגע. וואָס וואָלט דאָ וועלוועלע געטון? — גאָרנישט! אַ שיינער מבין אויף אַ מיידל צי זי איז קלוג... אַז שרה־גיטל איז שוין געווען פאַרטיק מיט דער כלה, האָט זי זיך גענומען צום מחותן; זי האָט אויך דעם מחותן גענומען אויפן פאַרהער: פון וואָס לעבט ער? וואָס טוט ער? צי איז ער אַ ברייטער בעל־פּרנסה? זי האָט זיך נישט פאַרלאָזט בלויז אויף זיין זאָגן. זי האָט אים געהייסן ווייזן וואָס און ווען און וואָס גיט ער נדן און וואָס איז מיט קעסט און וואָס איז מיט אַ דירה. און אַז זי איז פאַרטיק געוואָרן אויך מיטן מחותן, האָט זי געשריבן איר מאַן אַ קאַרטל און ער איז געקומען צום גרייטן. וועלוועלע האָט געלאַכט: וואָס די איינע שרה־גיטל טוט קען עס נישט אַ גאַנץ מנין מאַנספאַרשוינען!...

עס האָט דאָך אָבער ווייטער נישט געטויגט. דער גאַנצער מחותן מיטן נדן און מיט די קעסט, איז בסך־הכל דריי חדשים נאָך דער חתונה געשטאָרבן. אויס נדן, אויס קעסט און דאָ איז רבקהלע אין דריטן חודש. חנינא האָט געשריבן דער מאַמען אַ קאַרטל מיט אַ געוויין ווי פון אַ טרינקנדיקן. שרה־גיטל איז אַוועק קיין פּאָקשיצע מיט אַ ביסל געלט און מען האָט געמאַכט אַ געוועלבל. זיצט חנינא די גאַנצע צייט אין געוועלבל אין פּאָקשיצע; שפרהלע, דאָס עלטסטע קינד חנינאס, איז שוין, קיין עין־הרע, פופצן און זיי האָבן קיין עין־הרע נאָך פיר קינדער. גאָלד און בריליאַנטן.

**
*

שפרהלע איז שוין קיין עין־הרע פופצן יאָר. שיין ווי אַ לעבעדיקע בלום און חנינא איז נאָך אַלץ נישט קיין נגיד, ער זאָל קענען חתונה מאַכן אַ קינד. שרה־גיטל איז איבער דעם נישט געשלאָפן. וועלוועלע האָט וועגן דעם אַפילו נישט געטראַכט, — שרה־גיטל טראַכט שוין און זי האָט טאַקע געטראַכט מיט גרימעניש. זי האָט אַזוי זיך אַראָפּגערעדט דאָס האַרץ פאַר זלמענען, פאַרן עלטסטן יינגל אין חדר, וואָס זעט אויס ווי אַ חתן־בחור און וואָס ווייסט אַלץ, וואָס עס טוט זיך אין פּאָקשיצע. דאָס מיידל איז אַ שיינקייט. זי וואַקסט, קיין עין־הרע, ווי אַ יונג ביימל.

איך ווייס נישט וואָס עס וועט זיין? ווי חנינא וועט שפּרהלען חתונה מאַכן. איך זע נישט. איך בין גאָרנישט אַזוי קלוג! זלמן איז שוין געווען אַזוי היימיש וואָס עס טוט זיך ביי חנינאן אין פּאָקשיצע, אַז כאָטש ער האָט נאָך נישט געזען, נישט חנינאן און נישט שפּרהלען, שטעלט ער זיך פאָר ווי זיי זען אויס, אַז חנינא איז זייער אַן איידעלער מענטשן און אַז שפּרהלע איז אַ שיינקייט. ער האָט זיך איבער־געטומען מיט דעם צער פון דער רביצין, מיט דעם צער פון חנינאן און פון כלה־מיידל שפּרהלע.

— איך שטעל זיך פאָר, אַז די רביצין וועט שוין אויפטון. זיי קענען זיך אויף אייך פאַרלאָזן.

שרה־גיטל האָט אָנגעקוואָלן פון זלמנס חכמה. זי האָט אַזש געלאַכט, וואָס זלמן איז אַזוי קלוג.

***

שרה־גיטל האָט נישט געררוט. זי איז נישט וועלוועלע מלמד. זי איז שרה־גיטל. האָט זי אַוועקגעשריבן אַ קאַרטל צו חנינאן. זי האָט אים געשריבן, אַז זי און דער טאַטע ווילן דווקא, אַז ער זאָל קומען מיט שפּרהלען אויף שבת. זי האָט צוגעשריבן: איך האָב אַן אויסקוק...

חנינא האָט דאָס גאַנצע קאַרטל נישט פאַרשטאַנען פון אָנהייב ביזן סוף. וואָס הייסט ער זאָל קומען? וואָס עפּעס מיט אַמאָל? ער איז אַזוי לאַנג נישט געווען ביי טאַטע־מאַמע, פון דער חתונה אָן, וואָס־זשע עפּעס היינט? און וואָס עפּעס מיט שפּרהלען? און ווי קען ער פאָרן, ווי קען ער זיך אַרויסרירן פון גע־וועלבל און פאָרן? און וואָס הייסט: „איך האָב אַן אויסקוק”? וואָס הייסט עס?

אַז זלמן האָט פאַר איר איבערגעלייענט חנינאס קאַרטל, האָט שרה־גיטל אַזוי געלאַכט, אַז טרערן זענען אירס געקומען אין די אויגן.

— ער איז אַן אמתער פּאָקשיצער...

— שרייבט אים וואָס איר מיינט.

האָט זי ווידער געשריבן און זי האָט אים באַפוילן, חנינאן: — פרעג גאָר־נישט און קום צו פאָרן מיט שפּרהלען; דעם „אויסקוק” וועט איר שוין זען!

חנינא האָט דערזען אַזאַ קאַרטל, האָט ער באמת גאָרנישט געפרעגט. ער האָט געזאָגט שפּרהלען, אַז מען פאָרט צו דער באָבען; איז זי באַלד באַשטאַנען, — צו דער באָבען? — אַ מחיה!

האָט חנינא אָפּגעשיקט דער מאַמען אַ קאַרטל, אַז מען קומט אויף שבת, בלי נדר. שרה־גיטל האָט דאָס גלייך אָנגעזאָגט וועלוועלען, דאָס גאַנצע חדר

האָט עס געהערט. צווישן די יינגלעך איז געווען אַ גערויש. זלמן האָט געזאָגט דער רביצין: — וועל איך זיך באַקענען מיט אייער אייניקל? בערל האָט דאָס אויך געזאָגט און אַזוי פּינחס און דער קליינער ישראלטשע האָט נעבעך גאָרנישט געזאָגט. ער האָט זיך געשעמט דאָס צו זאָגן, וואָס אַלע גרויסע יונגען, אַז ער וועט זיך באַקענען מיט דער רביצינס אייניקל. די רביצין איז געווען גאָר אויפגערעגט. זי האָט גערעדט מיט טעם צום מאַן און האָט געוואָרפן אַ בליק צו זלמנען און צו אַלע יינגלעך: — הערסטו, וועלוול, איז אונדזער אייניקל קיין עין־הרע אַ שיינקייט, איינע אין דער וועלט!

די יינגלעך זענען שוין נישט איינגעזעסן ביים טיש, ביי די גמרות. זיי זענען צו צו דער רביצין מיט פראַגעס און פראַגעס:

— ווען קומען זיי? — האָט בערל געפרעגט.

— ווי לאַנג וועלן זיי דאָ זיין? — האָט פּינחס געפרעגט.

— ווי לאַנג האָט איר שוין נישט געזען אייער זון און שפרהלען? — האָט זלמן געפרעגט.

ישראלטשע האָט נעבעך גאָרנישט געפרעגט. ער האָט אויך געוואָלט פרעגן, נאָר ער האָט זיך געשעמט; ער איז דאָך אַ קליינער, — אַ יינגל.

און אָט זענען זיי דאָ! חנינא ווי חנינא, אַ ייד גלייך מיט אַלע יידן, נאָר שפרהלע האָט פאַרבליאַסקעט אַלע יינגלעך. אַ שיינהייט!

שרה־גיטל איז געווען אַזוי צעטומלט, אַז זי איז געלאָפן הין און צוריק און זי איז אַרויפגעפאַלן אויף שפרהלען און געקושט, געקושט ווי אַ הייסע באַבע. דער גרעסטער, זלמן, איז געווען דער ערשטער. ער האָט גערעדט מיט שפרהלען אַזוי פּשוט, ווי זי וואָלט געווען זיינע אַ שוועסטער. בערל איז אונטערגעקומען און געשמייכלט צו שפרהלען. פּינחס איז אויך אונטערגעקומען און אַזוי משהל און מעכעלע. דער קליינער ישראלטשע האָט זיך געדרייט אַרום זיי און ער איז אַרויסגעלאָפן אינדרויסן. ער האָט זיך געפילט פאַרשעמט. זלמן האָט גענומען שפרהלען, — ער גייט איר ווייזן די שטאָט. זי האָט אַזוי שיין געשמייכלט. אירע הימל־אויגן האָבן געלויכטן. איר מאַנטעלע און קליידל איז געווען אויף איר ווי אָפּגעטאָקט. בערל איז זיי נאָך אין דרויסן אַרויס. נאָך זיי — די איבעריקע יינגלעך. אַז זיי זענען אַרויס איז ישראלטשע אַריינגעקומען מיט טרערן אין די אויגן.

און אָט זענען זיי דאָ צוריק. שפרה איז געווען פאַריאַכמערט; זלמן איז געווען דער ערשטער נאָך איר:

— איך האָב איר געוויזן דעם גאָרטן.

— זאָלן מיר שפרהלען ווייזן דעם שטאָט־זייגער — האָט בערל געזאָגט.

— אויף היינט איז גענוג! — האָט זלמן געזאָגט מיט פעסטקייט.

דאָס האָט אַלעמען פאַרדראָסן. זיי האָבן אויף זלמנען געקוקט מיט האַלבע אייגלעך. אין גאַנצן געריש האָבן זיי דערזען, אַז זלמן און שפּרהלע זענען נישטאָ. אַלע זענען אַרויס אינדרויסן. פּינחס האָט אינדרויסן זיך געשווירן פאַר בערלען, אַז ער האָט אַליין געזען ווי זלמן האָט געקושט שפּרהלען. בערל האָט פאַרביסן אַ ליפּ; ישראלטשע איז זיי נאָכגעגאַנגען, — ער האָט געוואָלט אונטערהערן. זיי האָבן אין אַ טומל זיך אַריינגעלאָזט אין חדר:

— ווּ זענען זיי? ווּ זענען זיי?

זיי זענען צוריק אַרויס אינדרויסן. וועלוועלע האָט זיך אַרומגעדרייט אין חדר ווי אויף אַ יאַריד; די שטוב האָט זיך אים געדרייט, ווי זי וואָלט געווען אַ באַן. חנינא האָט עפּעס גערעדט צום פאָטער און וועלוועלע האָט געדרייט מיטן קאָפּ און געשמייכלט. ער האָט גאָרנישט געוווּסט ווּ ער געפינט זיך.

שרה־גיטלס פּנים האָט געהאַט פאַרבן פון אַ יונג ווייבל. זי האָט אַריינגעשריגן צו די שכנטעס:

— איר האָט געזען מיין איידיקל?

און די יינגלעך זענען געלאָפן אַריין און אַרויס, אַריין און אַרויס:

— ווּ זענען זיי?...

# געקומען הערן די מגילה

ס׳איז געווען פורים. מיין טאַטע האָט שוין געהאַט פאַנאַנדערגעוויקלט די פאַרמעטענע מגילה, גרייט צו לייענען פאַר דער מאַמען און די קליינע שוועס־טערלעך. עס האָט אין שטוב געשמעקט מיט וואַרעמקייט און יום־טוב. אומגעריכט האָט די טיר פון דרויסן זיך אָן עפן־געטון און אַ שאַרפער ווינט האָט אַריינגע־בלאָזן. עס איז אַריינגעקומען אין קיך אַ מאָדנע הויך־וווקסיקע פרוי, אַן אומבאַ־קאַנטע און מיט אַן אויסזען פון אַ גויע. זי איז געווען לייכט אָנגעטאָן; דאָס איינ־ציקע וואַרעמע מלבוש אויף איר איז געווען אַן אַלטע, אויסגעריבענע פאַטשיילע אויף איר קאָפּ, וואָס האָט דערגרייכט נאָר ביז אירע אַקסלען און אין דרויסן איז געווען אַ מוראדיקע זאַוויערוכע, — אַז עס וואָלט געווען אַן עבירה אַ הונט דאָרטן אַרויסצולאָזן. די פרוי האָט שנעל אָפּגעקלאַפּט דעם שניי פון אירע שיך, אַנגע־הויכט די הענט און איז שנעל אַריין אין שטוב:

— גוט יום־טוב ייִדן! — מען גייט אפשר לייענען די מגילה?

אַ געוואַלדיקע איבעררעאַשונג: — וואָס, אַ ייִדיש קינד? וויל הערן לייענען די מגילה? זי האָט אונדז אויסגעזען ווי אליהו־הנביא אין אַ קליידל.

— יאָ! יאָ! — האָבן מיר אַלע אויסגעשריגן, — גוט געטראָפן!

דער טאַטע האָט גלייך אָנגעהויבן לייענען: „ויהי בימי אחשורוש“ און עס האָט אויסגעזען ווי דער טאַטע וואָלט געוואָרט אויף איר. ער האָט געלייענט זייער וואַרעם, אַ סך וואַרעמער ווי פאַראַיאָרן.

איצט האָבן די קינדער געזען, אַז דער פרויס פּנים איז אַ ייִדיש פּנים, אַז זיי האָבן פריִער געהאַט אַ טעות, ווייל פריִער איז דאָס געווען רויט פון פראָסט און איצט איז עס שטאַרק בלייך.

ווען דער טאַטע האָט געענדיקט מיט דער מגילה, האָט ער אָנגעגאָסן אין גלעזלעך צו ביסלעך בראָנפן און נישט קוקנדיק אויף דער פרוי האָט ער צו איר צוגערוקט אַ גלעזעלע:

— נאָך דער מגילה טרינקט מען משקה.

די פרוי האָט געזאָגט „לחיים" ווי אַ מאַנספּאַרשוין. אַפילו דער טאַטע האָט געשמייכלט, ווייל מען האָט דערקענט אין איר „לחיים", אַז זי איז אַ ליטוועטשקע.

די מאַמע האָט איר געפרעגט:

— פון וואַנען זענט עטץ?

— פון קלעצק.

— פון קלעצק? עס מוז זיין זייער ווייט.

דער טאַטע האָט געזאָגט, אַז ער האָט געהערט פון קלעצק.

— עס איז נעבן ניעסוויזש — האָט די פרוי געענטפערט דער מאַמען.

די מאַמע האָט פון ניעסוויזש אויך נישט געוווסט, זי האָט דעריבער געטראַכט, אַז דאָס מוז זיין זייער ווייט פון שעדלעץ.

— וואָס טוט עטץ דאָ אַזוי ווייט? האָט די מאַמע איר געפרעגט.

די יידענע האָט אַ הייב־געטון אירע אַקסלען:

— איך בין געקומען דאָ צו מיין זון. איך האָב דאָ מיין זון אין קאַזאַרמע.

מיר האָבן אויפגעציטערט: אין קאַזאַרמע, איז ער דאָך אַ זעלנער? עס איז דאָך אַן עגמת־נפש!

— ר'איז שוין לאַנג אַזוי? — האָט די מאַמע געפרעגט.

— פון אסרו חג נאָך סוכות.

מיין טאַטע האָט זיך געוואַשן די הענט צום עסן. ער האָט אַ ווונק־געטון צו דער מאַמען און די מאַמע האָט געזאָגט דער פרוי, אַז זי זאָל זיך זעצן צום טיש. עס איז פורים! די פרוי האָט געשמייכלט, עס האָט איר הנאה געטון די פריינטלעכקייט. איר טויט־בלייך פּנים איז געוואָרן לעבעדיקער. די קינדער האָט עס זייער געפרייט, וואָס זייער טאַטע־מאַמע זענען אַזעלכע גוטע. אַז דער טאַטע האָט אָפּגעגעסן דעם ערשטן כזית חלה, האָט ער געפרעגט דער פרוי, נישט קוקנדיק צו איר:

— וואָס איז אייער מאַנס טון?

— מיין מאַן איז ר' אַבעלע, דער ראש־ישיבה פון דער קלעצקער ישיבה. זי איז געווען זיכער, אַז מיין טאַטע ווייסט ווער עס איז ר' אַבעלע.

מיין טאַטע איז דערפון געוואָרן שטאַרק נתפעל: זיצט דאָך ביים טיש דעם ראש־ישיבהס ווייב.

— און אייער זון?

— מיין פּתחיה איז גאָר אַ גרויסער למדן, ער איז אַ בקי און אַ חריף. זי איז געווען רויט פון נחת, וואָס זי האָט זיי געזאָגט ווער עס איז פּתחיה.

מיין טאַטע האָט באַזונדערס אָנגעקוואָלן ווי זי האָט דאָס געזאָגט: „בקי און חריף״, אָבער ער האָט זיך אָנגעצונדן מיט כעס: — האָט מען אים געלאָזט גיין דינען זעלנעריי? נו, און וואָס איז מיט דאַווענען, מיט כשרות און ביטול־תורה?!

די ייִדענע האָט זיך געפילט דערפון אַ ביסל געפּלעפּט, זי האָט זיך אויף דעם נישט געריכט. קודם האָט זי פאַרענטפערט דעם ענין כשרות, זי האָט אים מיט־געגעבן עטלעכע טעפּלעך שמאַלץ און כשרן וורשט, ווייטער האָט זי פאַרענטפערט דעם ענין מיט זעלנעריי: „מיר האָבן די גאַנצע צייט געוווסט, אַז ער האָט צו טון מיטן האַרץ. עס איז געקומען פאַר אונדז ווי אַ דונער אינמיטן העלן טאָג. דער דאָקטער פּאַוולאָוויטש, אַזאַ המן, האָט אויף דער קאָמיסיע גאָר געזאָגט, אַז ער האָט אַ געזונט האַרץ. ווען האָט דאָס געקענט איינפאַלן?״.

די מאַמע און די קינדער האָבן געהאַט צער סיי פון טאַטן, וואָס ער בייזערט זיך אַזוי אויף איר און סיי פון דער פרוי, פון איר אומגליק, וואָס זי האָט געמיינט, אַז איר זון האָט אַ קראַנק האַרץ און צום סוף האָט דער דאָקטער געזאָגט, אַז ער האָט אַ געזונט האַרץ און מען האָט אים צוגענומען... אָבער מיין טאַטע האָט די פרוי נאָך נישט צורו־געלאָזט. לויט אירע רייד קומט אים אויס, אַז דער זעלנער איז נאָך אַ בחור.

— ער איז נאָך אַ בחור?

די פרוי האָט נעבעך אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און געענטפערט, אַז דאָס איז מן השמים. עס האָט זיך נישט געמאַכט קיין לייטישער שידוך.

מיין טאַטע האָט פאַר־זיך שטיל גערעדט: „בן שמונה־עשרה לחופּה״, איז ביי זיי גאָרנישט. די מאַמע האָט איצט געוווּנקען צום טאַטן, עס זאָל שוין זיין גענוג.

— גייט עסט מאָרגן זעען אייער זון? האָט די מאַמע געפרעגט.

— איך בין שוין היינט דאָרט געוועזן. וואָס קומט אָבער אַרויס? ביים טויער שטייט דאָרט אַ זעלנער מיט אַ ביקס, איז ער אַ רשע־מרושע. איך האָב אים געבעטן, ער זאָל מיר אַרויסשיקן פּתחיה לייבאָוויטש, האָט ער מיך געיאָגט מיט דער ביקס. וויפיל איך האָב אים געבעטן: איך בין דאָך זיין מאַמע! — האָט דאָס גאָרנישט געהאָלפן און דאָ איז געוואָרן נאַכט. עס איז דאָך פורים. בין איך אַוועק זוכן אַ ייִדישע שטוב, ווו מען וועט לייענען די מגילה.

די קינדער האָבן זיך דערמיט מחיה געווען: און פון אַזוי ווייט צו אונדז געטראָפן!

— נו־נו, מאָרגן וועל איך שוין גיין מיט אייך — האָט מיין מאַמע געזאָגט, ווי זייענדיק זיכער, אַז אויב זי וועט מיטגיין וועט שוין זיין אַנדערש: דער זעלנער וועט שוין נישט זיין אַזאַ רשע.

ביים סוף פון דער סעודה האָט דער טאַטע געזאָגט זייער געלאַסן, אַז ער וועט מאָרגן זעען, אַז ״ער״ זאָל שטיין אויף אַ קאָמיסיע, — פתחיה לייבאָוויטש? — האָט ער איבערגעחזרט דעם נאָמען פון זעלנער. דאָס איז געווען אַ טייערער זאָג; דער טאַטע האָט איצט דערמיט אָפּגעווישט אַלע זיינע פרי:ערדיקע זאָגעכצן. מיין מאַמע האָט געזאָגט: — אָט דאָס איז גוט! זי האָט, דאַכט זיך, דאָס ערשטע מאָל, געקוקט אַזוי פריילעך צום טאַטן. די קינדער האָבן אַזש געלאַכט פון פרייד, וואָס פון גאַנצן עגמת־נפש האָט זיך גוט אויסגעלאָזט און דאָס אַלץ צוליב זייער טאַטן.

די פרוי האָט זיך געקליבן אַוועקצוגיין. זי האָט געזוכט איר פּאַטשיילע, אָבער די מאַמע האָט איר צוגעהאַלטן ביי די הענט, אַז חלילה, זי בלייבט דאָ, זי וועט שלאָפן אין שלאָף־באַנק, אין קיך.

די פרוי האָט זיך אַפילו געשפּאַרט, אָבער לסוף האָט זי מסכים געווען. פון שלאָף־בעט אַרויס, פון דער קיך, האָט זי הויך אַריינדערציילט אין שטוב אַריין, אַז מיין מאַמע זאָל עס הערן אין איר בעט, מעשיות פון דער ישיבה און וואָס פאַר אַ גאון עס איז איר מאַן, ר׳ אַבעלע און זי האָט נאָך אַ י:ינגל, בנימקעלע, אַ י:ינגל אַכט יאָר, וועט ער זיין אַ סך גרעסער אין לערנען ווי פתחיה. זי האָט אַזוי לאַנג גערעדט ביז דאָס לעצטע ליכט אין לייכטער איז אויסגעגאַנגען.

באַגינען, עס איז נאָך געווען טונקל, האָבן מיר, קינדער, געהערט אַ מאָדנעם גערודער פון קיך, ווי מען וואָלט גערוקט קאַסטנס, ווי מען וואָלט געהויבן טישן און בײדע ווייבער האָבן גערעדט הויך און שנעל ווי זיי יאָגן זיך עפּעס. מיר זענען האַלב־נאַקעטע אַראָפּ פון די געלעגערס; די מאַמע און דעם זעלנערס מאַמע זענען שוין געווען אָנגעטאָן, גרייט צום אַוועקגיין. די מאַמע האָט דער פרוי אָנגעטאָן מיט דיקע שפּענצעערס און מיט עטלעכע שאַלן. די מאַמע איז אויך געווען אָנגעטאָן אין וואַרעמע מלבושים און מיט אַ דערע איבערן קאָפּ. די מאַמע האָט מיטגענומען טעפּלעך מיט עסן פאַרן זעלנער. זיי האָבן זיך שטאַרק געיאָגט און זיי האָבן גע־רעדט שנעל און הויך, אַז מען דאַרף שוין דאָרט זיין. די מאַמע האָט אָנגעזאָגט רחלען, די עלף־יעריקע מויד, אַז זי זאָל צושטעלן שפּעטער אויף וועטשערע. פון הויף נאָך האָבן מיר געהערט זייער הויך רעדן. אינדרויסן איז אַלץ נאָך געווען די זאַוויערוכע און אין שטוב האָט מען געהערט דאָס פייפן פון ווינט. די מאַמע און די ליטוואַטשקע זענען מיט שטורעם געלאָפן צו דער קאַזאַרמע אויף האַלטן ״מלחמה״ מיטן זעלנער מיט דער ביקס, וואָס שטייט דאָרט ביים טויער. די מאַמע האָט ,האַלב־רוסיש און האַלב־י:ידיש, געטענהט מיט געבייזער צום זעלנער מיט דער ביקס, אַז ער זאָל אַרויסרופן ״איר״ זון. זי האָט אויף אים געשריגן: ״איך

בין די מאַמע, איך בין די מאַמע!!!״. דער זעלנער האָט געכאַפּט די ביקס, ביידע ווייבער זענען אַנטלאָפן, — ער קען דאָך אויסשיסן! זיי זענען געלאָפן מיט געשרייען, דאָס האָט יעדע אַזוי געשריגן, אַז די אַנדערע זאָל נישט שטיין. אַ מינוט שפּעטער האָבן זיי באַנייט די מלחמה. אַז זיי האָבן געזען אַז דער זעלנער איז אַ גרויסער רשע, האָבן זיי פאַרשטעלט דעם וועג סאָלדאַטן און אָפיצירן, אַז זיי זאָלן האָבן גאָט אין האַרצן און אַרויסשיקן פּתחיה לייבאָוויטש צו זיין מאַמען. אַז דאָס האָט אויך נישט געהאָלפן, האָבן זיי זיך אַוועקגעשטעלט פאַרן אָפענעם טויער און האָבן אַריינגעשריגן: פּתחיה לייבאָוויטש, פּתחיה לייבאָוויטש!!! און דאָס האָט געפּועלט. עס איז ליכטיק געוואָרן אין די אויגן. פּתחיה איז דאָך דאָ, אָבער דאָ האָט אים דער זעלנער מיט דער ביקס נישט אַרויסגעלאָזט אויף דער גאַס. האָט פּתחיה אַראָפּגענומען דאָס סאָלדאַטסקע היטל פון קאָפּ, אַרויסגענומען עטלעכע פּאַפּיראָסן און עס געגעבן דעם זעלנער, און דאָס האָט געהאָלפן.

ווי די מאַמע האָט זיך עס דערפרייט מיט פּתחיהן! זי האָט אים אַלץ געפרעגט און זי האָט אים אַלץ דערציילט פון דער היים, אַפילו דאָס, אַז בנימקעלע קאָכט געקעכטס פאַר זיי ביידע. זי האָט פּתחיהן אַרומגעקוקט אַרום און אַרום. זי האָט אים געקושט, זי האָט געוויינט, אָבער אויך געוויינט פון נחת, וואָס ער וועט די טעג שוין באַפרייט ווערן; האָסט זיך שוין גענוג אָנגעליטן! זייער מאָן פירט דאָס דורך! אַלץ גייט מן השמים, — האָב איך צו זיין אַריינגעטראָפן! פּתחיה האָט אין מיין מאַמעס אויגן אויסגעזען ווי אַן איבערגעטאָענער רב. פאַרטראַכטע איידעלע אויגן, אַ בלייך פּנים און אַזאַ געלאַסענער, קוים וואָס ער רעדט. וועגן בערדל, וואָס עס פעלט אים — האָט מען גאָרנישט גערעדט; גלייכער אַז מען רעדט נישט. אַזוי זעט מען דאָך אויס, אַז מען איז אין גויעשע הענט. זיי צווינגען דאָך, זיי צווינגען דאָך, — האָבן ביידע ווייבער דאָס גערעדט אויפן וועג אַ היים גייענדיק.

מיין מאַמע האָט דעם טאַטן אָפּגעגעבן זייער אַ שיינעם גרוס פון פּתחיהן און אַז דער אייבערשטער מעג שוין העלפן, מען זאָל אים פון דאָרט אַרויסנעמען.

דער טאַטע איז אָבער געווען פול מיט עגמת־נפש און איידער ער האָט דאָס געזאָגט האָט עס לאַנג געדויערט. ער האָט דערציילט, אַז די קאָמיסיע וועט איצט זיין אין צוויי וואָכן אַרום. די קלעצקערין איז געשטאַנען כמעט טויט — אין צוויי וואָכן! אויך מיין מאַמע איז געווען שטאַרק פאַרטרויערט. זי האָט געמיינט, אַז היינט, העכסטנס מאָרגן, וועט זיין די קאָמיסיע, פּתחיה ווערט באַפרייט און פאָרט אַהיים. אָבער רחלע האָט אַריינגעוואָרפן אַ קלוג וואָרט: — איר מעגט מיר גלייבן,

אַז עס וועט שנעל איבערלויפן! פאַר אַ קינד פון עלף יאָר איז עס געווען זייער קלוג...

די צוויי ווייבער זענען צוזאַמענגעגאַנגען אַוועק צו פּתחיהן, אים געבן אָנצוהערן, אַז די קאָמיסיע וועט זײַן איבער צוויי וואָכן. דאָס מאָל איז שוין געווען לײַכטער בײַ דער קאַזאַרמע. עס האָט אויסגעזען, אַז דער זעלנער מיט דער ביקס האָט געקראָגן פאַר זיי דרך־ארץ.

— וועמען ווילט איר, פּתחיה לײַבאָוויטשן? זייער גוט: „לײַבאָוויטש!!!״.

און פּתחיה איז באַלד אַרויסגעקומען. פּתחיה האָט גוטמוטיק געשאָקלט מיטן קאָפּ, אַז ער וועט קענען גאַנץ לײַכט איבערוואַרטן די צוויי וואָכן.

בײַנאַכט ווידער איז געווען אַ פרײלעכער טומל אין שטוב. די קלעצקערין האָט געקראָגן אַ בריוול פון איר מאַן, פון ר׳ אַבעלען, אַז זי זאָל שוין קומען צו פאָרן. עס רוקט זיך אָן פּסח. מען דאַרף כשרן די שטוב. עס קומט אים אויס צו פאַרמאַכן די שטוב און אַוועקגיין מיט בנימקען אויף איבער יום־טוב און ווו וועט ער גיין? און וואָס שייך פּתחיהן —שרײַבט ר׳ אַבעלע— וועט ער קענען אַליין קומען קיין קלעצק, — אַז ער טויג פאַר אַ זעלנער, וועט ער אַליין קענען מאַכן אַזאַ נסיעה. און ער שרײַבט, ר׳ אַבעלע, אַז זײַן שמחה איז זייער גרויס, וואָס ענדלעך, אין צוויי וואָכן אַרום, — זאָל זײַן אין צוויי וואָכן אַרום, וועט קומען די ישועה. ער בעט זײַן ווײַב, מרת נעכע שײַוועלע, זי זאָל האַרציק באַדאַנקען ר׳ לײַבישן פאַר זײַן גרויסער טובה. דער אייבערשטער זאָל אים אָפּצאָלן מיט אַ סך גוטס.

עס איז געווען פרײלעך אין שטוב. מען האָט געלאַכט פון ר׳ אַבעלען, וואָס ער ווייסט נישט וואָס מען טוט ערב פּסח מיט אַ חמצדיקער שטוב. מען האָט געלאַכט פון די נעכטיקע רייד, אַז צוויי וואָכן איז אַזאַ לאַנגע צייט צו וואַרטן, — דאָס וועט שנעל איבערלויפן, — ווי רחלע האָט געזאָגט.

צוזאַמענגעגאַנגען זענען ביידע ווייבער אַוועק צו פּתחיהן אים ווייזן דעם טאַטנס קאַרטל. דאָסמאָל האָט דער זעלנער באַצייטנס אַרויסגערופן פּתחיהן. ער האָט זיי דערזעען פון דער ווײַטנס, האָט ער זיך פאַנאַנדערגעשריגן: „לײַבאָוויטש!!!״. פּתחיה האָט איבערגעלייענט דעם טאַטנס קאַרטל, האָט ער געשמייכלט: „דער טאַטע איז אַ חכם גדול!״. ער האָט פון ליבשאַפט צום טאַטן, געהאַלטן פעסט דאָס קאַרטל אין דער האַנט, אַז ער האָט עס אַזש צעקנייטשט אין פינגער.

פּתחיהס מאַמע האָט זיך גענומען גרייטן צום אַוועקפאָרן. די מאַמע האָט אָפּגעבאַקן פאַר איר אַ גרויסן קוכן און נאָך אַנדערע גוטע זאַכן. די מאַמע מיט

י. ה. פישמאַן

רחלען האָבן איר אָפּגעפירט ביז צו דער באַן. ווען זיי זענען געשטאַנען אויף דער שוועל, האָט מיין מאַמע געזאָגט: אייער זון וועט מיט גאָטס הילף זיין אין דער היים נאָך אויף פסח. אויב מען האָט אייך נישט אַזוי גוט באַהאַנדלט, זאָלט עטץ אונדז מוחל זיין. מיר זענען דאָך נאָר מענטשן! אויב עס וועט עפּעס זיין מיט דער קאָמיסיע און עס וועט נישט אַרויסקומען אויף יום־טוב, זאָלט עטץ זיך נישט נע־מען צום האַרץ, טס'זאָלט גלייך נאָך יום־טוב דאָ קומען. דער אייבערשטער וועט העלפן!

מיר האָבן אין שטוב געהערט פון הויף זייער געדיכט און הויך גערעדעריי...

# די ערשטע דייטשן

דאָס דייטשע מיליטער איז אַריין אין שטאָט און עס איז געוואָרן מיט זיי גאַנץ פריילעך: געלויבט צו גאָט, וואָס מען זעט זיי שוין! אָבער אַביסל שפּעטער איז די שטימונג געוואָרן אַן אַנדערע: אַראָפּגעלאָזטע אַקסלען, אַראָפּגעבויגענע קעפּ, די היטלען אַראָפּגערוקט און די קאַפּעליושן אַראָפּגעפּליאַטשט. די פייערלעך, אין די אָוונטן, קליינינקע — פון קליינע נאַפּט־לעמפּלעך. קליינע ברויטלעך און קליינע שטיקלעך פלייש. ווען די רעגנס און די שנייען האָבן זיך אָנגעהויבן, האָבן זיך די מענטשן נאָך מער אַראָפּגענידערט און דער הימל איז געלעגן נידעריק ביי די דעכער.

ווי אַ מתנה דער באַפעלקערונג, האָט געשפּילט מוזיק, אינמיטן שטאָט, אינ־מיטן גאָס און אינמיטן טאָג. אַפילו ווען עס האָט גערעגנט און געשנייט, האָט די מוזיק געשפּילט און דער דיקער, פּעסלדיקער דייטש, האָט געמאַכט מיטן שטע־קעלע צו זיינע שפּילערס, אַז זיי זאָלן גוט שפּילן. דער שניי האָט זיך אָבער גע־שאָטן און געשטאַנען און זיי פאַרשאָטן, אַז מען האָט זייערע קעפּ נישט אַרויסגעזען און זיי האָבן געשפּילט, אָבער קיינער פון דער באַפעלקערונג איז דאָ נישט גע־שטאַנען, זיך צו באַגייסטערן מיט דער מוזיק. די באַפעלקערונג איז געשטאַנען אין די „אָטשערעדס" (רייען), מיט דער האָפענונג צו קריגן אַ ברויטל.

די רייען האָבן זיך געצויגן מוראַדיק לאַנגע. זיי זענען געווען צוגעפּרעסט צו די מויערן. דער רעגן האָט אויף זיי געכליאַפּעט, דער שניי איז אויף זיי געפאַלן און זיי דורכגעווייקט. דאָס העמד האָט זיך צוגעקלעפּט צום לייב, די זאָקן — צו די פיס און האָט זיי געמאַכט אויסזען ווי ליליפּוטן... מען האָט זיך איינגעוווינט צו שטיין אין „אָטשערעד", ביז עס איז אָנגעקומען דאָס ברויט האָט מען דאָ איינ־געדרימלט, — אַ מחיה! אַז מען האָט דערזען דעם וואָגן מיט ברויט, האָט די רייע זיך אויפגעכאַפּט און זיך געשטויסן צום פענצטערל. מען האָט דאָ גלייך געוווּסט, אַז עס איז פאַרשפּילט, ווייל ברויטלעך האָט מען געברענגט אַכציק און מענטשן

זענען געווען פינף הונדערט. האָט מען זיך געשטויסן מיט כוח און ענערגיע. ביים פּענצטערל — אַ געוואַלדיקער טומל: מענטשן שפּרינגען מיט קולות צום פּענצטערל: — מיין טאַטע איז קראַנק... מיין קינד איז קראַנק... מיין ווייב איז קראַנק... ברויטלעך פאַלן אין הענט אַריין און שוין — דאָס פּענצטערל איז פאַר־קלאַפּט. די מענטשן שטייען ווי אָפּגעשמיסענע. דער דייטש לויפט מיט דער ביקס: „מאַכן זי לאָז!". אַט אַ קלינג פון אַ פּאַטש, אַ מענטש ליגט אויסגעצויגן אויף דער ערד, דער עולם צעלויפט זיך און מען לויפט זוכן אַ צווייטע „אַטשערעד", — אפשר וועט דאָך זיין מזל ?...

***

נחום זעלצער און זיין ווייב ליבעלע זענען געווען פון די געציילטע אויסנאַמען. זיי זענען אין „אַטשערעד" נישט געשטאַנען, זיי האָבן זיך נישט געשטויסן נאָך ברויט, — גליקלעכע מענטשן! זייער איטשע האָט זיי געראַטעוועט. ער האָט אַריינגעברענגט אין שטוב נישט נאָר ברויט, נאָר פון כל־טוב, אַפילו סאַרדינען און ווורשטן, קאָנדענסירטע מילך און שאָקאָלאַד. איין טאָג פאַר דער מלחמה איז איטשע געווען אַ יינגל — בסך־הכל געהאַט זיינע פערצן יאָר און צעפּיעשטשעט, ווי אַ בן־יחיד. זיין מאַמע, ליבעלע זעלצער, האָט אים געשטופּט די בעסטע מאכלים און דאָס יינגל האָט אַלץ געגעסן און די מאַמע האָט געמאַכט אַ טרויעריקע מינע, אַז דאָס קינד עסט נישט... אַ טאָג פאַר דער מלחמה איז נחום זעלצער געווען אַ הויכער און שטאַרקער מאַנספּערשוין. זיין באָרד איז געווען סאַמעט שוואַרץ און זיין פּנים האָט געבליט מיט געזונטער רויטקייט. נאָר ווי די דייטשן זענען אַריין, איז זיין באָרד געוואָרן גרוי, דאָס פּנים אויסגעלאָשן. ער האָט נישט געהאַט קיין כוחות אין די פיס, ער האָט זיך באַזעצט אין פאָטעל און איז געבליבן זיצן.

איטשע איז איצט גראָד געוואָרן אַ הויכער יונג, אַן אויסגעוואַקסענער; הענט ווי ביי אַ טרעגער און זיין פּנים האָט געפלאַטערט, — אַן אויסנאַם פון אַ יינגל; אַלע האָבן געזונקען און ער איז געוואַקסן, פון הינטער דער ערד האָט ער גע־ברענגט פּראָדוקטן אין שטוב אַריין. ער איז איצט אַ סוחר פון די גוטע זאַכן, וואָס מען זעט זיי גאָרנישט; ער האַנדלט גרויס; זיינע קעשענעס זענען פול מיט געלט. דער יונג האָט אַזאַ כישוף, אַז די דייטשן כאַפּן אים נישט מיטן שמוגל. ער זעט די דייטשן, אָבער זיי זעען נישט איטשען, ווי ער טראָגט די טייערע פּעק און ער דערציילט דאָס אין שטוב מיט שטאָלץ. ליבעלע האָט זיך געחכמעט: זיי זענען דאָך דיינע דייטשן! ער האָט געוואָלט די דייטשן, ער האָט קעגנגערעדט טאַטע־מאַמע, וואָס זיי זענען איינגעשפּאַרט, אַז די רוסן זאָלן בלייבן. די איינציקע וואָס

האָט זיך נישט געענדערט, איז געווען ליבעלע; די זעלבע שלאַנקע פיגור ווי פאַר דער מלחמה. די זעלביקע מינע אין איר פּנים פון זאָרגלאָזיקייט, וואָס זי האָט עס תמיד געהאַט. זי האָט נאָך איצט ליב געהאַט זיך צו שפּילן אין קאָטאָ־וועסלעך און דאָס געלאָסן אויסזינגען מיט אַ לייכט פאַרצויגענעם שמייכל איבער איר אײדל־בלייכן פּנים. דאָס וואָס זי האָט היינט אַ דינע ווייסקייט אויף איר קאָפּ האָר, האָט איר נישט עלטער געמאַכט.

זי איז געווען ווי אין די גוטע צייטן, זי האָט געפירט די שטוב נישט אַ האָר אַנדערש ווי פאַר דער מלחמה. זי האָט איצט נאָר געלייענט דיקערע ראָמאַנען־ביכער ווי פאַר דער מלחמה; זי האָט איצט געהאַט מער געדולד צו די ראָמאַנען און צו ביכער. זי האָט יעדן טאָג אויפגענומען איר איטשען מיט אַ וויץ: וואָס מאַכן עפּעס דיינע דייטשן?

איטשע האָט היינט געבראַנגט בילעטן צום קאָנצערט אין „הזמיר". דער טאַטע האָט נישט געהאַט דעם מינדסטן חשק צו גיין אין „הזמיר": — איך האָב אַן אייגענעם קאָנצערט אין קאָפּ! ליבעלע איז אָבער געווען צופרידן. איר פּנים האָט זיך געררויטלט פון דעם אומגעריכטן קאָנצערט, — זי איז שוין גרייט! דער פאַר־מלחמהדיקער יום־טוב־מאַנטל האָט פון איר אַראָפּגעשיינט, דאָס קאַפּעליושל מיט דער פעדער האָט איר געמאַכט יינגער. זי האָט דעם מאַן אַרויסגעצויגן פון פּאָטעל: — אַלטיטשקער, הייב זיך אויף, מאַך זיך נישט פאַר קיין זקן! — און זיי זענען געגאַנגען.

דער ליכטיקער זאַל פון „הזמיר" איז געווען פול מיט יוגנט. פּאָרלעך, פּאָר־לעך, יינגלעך מיט מיידלעך, עס האָט פון זיי געשמעקט מיט ציכטיקייט און ליבע. די עלטערע מענטשן זענען געווען טאַטעס און מאַמעס, וואָס זייערע קינדער זינגען אין כאָר, אָדער שפּילן אין אָרקעסטער. די כאָריסטן, די כאָריסטקעס און די מוזי־קאַנטן — יינגלעך און מיידלעך, האָבן געשטראַלט; זיי זענען געווען פיין צוגע־פּוצט און זייערע פּנימער האָבן געלויכטן.

עס איז אַ שושקעריי, אַז דער גובערנאַטאָר זיצט אין דער ערשטער ריי, די גאַנצע ערשטע ריי איז פאַרנומען פון דייטשע אָפיצירן און הויכע באַאַמטע. אַ שכן האָט שטיל געזאָגט צו נחום זעלצער, אַז „עס איז זיי צום טויט...". נחום האָט אַזש אַ צאַפּל־געטון: — ש.־ש־שאַ!... דער הויכער שפּילמאַן גייט פאַרביי דעם אָרקעסטער און כאָר און ברומט דעם ריכטיקן טאָן, — ער זעט אויס דורכ־גענומען. דער פאָרזיצער וועלוול ראָזענזום, וואָס איז אויך אַ מוזיקאַלישער מענטש און האָט גרויסע פאַרדינסטן ביים צונויפשטעלן דעם קאָנצערט, שטייט אויף דער סצענע, גרייט צו זאָגן און זיינע לאַנגע האָר פּאַסן אים גוט, גיבן אים צו חשיבות.

— איך באַגריס אייך —זאָגט וועלוול ראָזענזום— צום ערשטן קאָנצערט פון הזמיר״... בראַוואָ! מיר זענען גליקלעך. איך האָב דעם פאַרגעניגן אייך צו מעלדן, אַז דער גובערנאַטאָר, פאָן קנייפע האָט באַוויליקט צו קומען צום קאָנצערט און מיר דאַנקן דעם גובערנאַטאָר!.. בראַוואָ־אַפּלאָדיסמענטן.

עס הערט זיך אַ רוף פון אַ ווינקל: בראַוואָ ראָזענזום! קענסט עס זייער גוט!... עס קומט אַ געלעכטער פון אַן אַנדער ווינקל, אַ גערופעריי: ש־ש־ש!...

דער גובערנאַטאָר, מיליטעריש אָנגעטאָן, האָט זיך אויפגעשטעלט, זיך אויס־געדרייט מיטן פּנים צום פּובליקום און זיך פאַרנייגט.

שפּילמאַנס שטעקעלע האָט באַוויזן ווונדער. עס איז געווען אומגלויבלעך. די היימישע יינגלעך און מיידלעך האָבן געזונגען און געשפּילט זייער סובטעל. עס האָט פאַרטראָגן דעם עולם אין העכערע וועלטן און דער עולם האָט באַגריסט און געדאַנקט מיט אַ סך בראַוואָס. אַ דייטשער אָפיציר האָט זיך צוגעבויגן צו שפּיל־מאַנען, אים געבעטן, ער זאָל איצט, צום שלוס פון קאָנצערט, שפּילן עפּעס פון שטראַוסן. שפּילמאַן איז געווען גרייט דערויף. דער אָרקעסטער האָט געשפּילט אַ פריילעכן וואַלץ. דער עולם האָט געקוקט אויף די זייגערלעך: עס איז שוין שפּעט, עס איז שוין צען נאָך עלף. דער עולם האָט געשמייכלט: — וואָס האָבן מיר מורא. דער גובערנאַטאָר איז דאָך דאָ?...

אויף דער גאַס איז דער גאַנצער עולם געוואָרן אַרעסטירט. דער גובערנאַטאָר אַליין האָט גערופן אַ פּאַטרול. זיי האָבן אַרומגערינגלט דעם קאָנצערט־עולם און זיי געפירט צו דער פּאָליציי. דער גובערנאַטאָר האָט געצאָרנט אויף די לויטע, וואָס פאַרברעכט אימער קעגן געזעץ...

דער מזלדיקער איטשע זעלצער האָט גענומען טאַטע־מאַמע ביי די הענט און ער איז מיט זיי געגאַנגען אַהיים. איטשע האָט געהערט ווי אַ דייטש רופט אים: „קאָמען זי היר!״... וועט ער פאָלגן? ער איז מיט טאַטע־מאַמע אַריין אין אַ געסל און פון דאָרט אַרויסגעקומען אַהיים און מיט אַ סך געלעכטער... איטשע איז אַ יונג מיט ביינער!

דאָס גאַנצע קאָנצערט־פּובליקום האָט בייגאַכט זיך אַרויסגעשאַרט פון דער פּאָליציי, — נאָר איינער איז געבליבן, ווייל ער איז געשלאָפן... דער עולם האָט אים געוועקט און געוועקט, זיי האָבן געוואָלט, אַז ער זאָל אויך אַהיימגיין, — ער איז אָבער געשלאָפן ווי אַ שטיין. דאָס איז געווען שמשון פון די הייוון. ער איז שטענדיק געווען מיד, ער גייט און שלאָפט. דאָס איז ביי אים פאַרבליבן פון די „אַטשערעדס״, — ער שטייט גאַנצע טעג אין די „אַטשערעדס״.

דער שעף פון דער פּאָליציי האָט אינדערפרי געהאַט צו אים די גרויסע טענה,

ער האָט זיך געוואָרפֿן אויף אים מיט די הענט און פֿיס: „וואָ זײַנד די לויטע?!“
שמשון האָט זיך געמאַכט פֿאַר אַ תּם: ער ווייסט גאָרנישט פֿון קיין לויטע. ער
איז דאָ אַ גאַנצע נאַכט געווען איינער אַליין, מער קיינער נישט. דער שעף האָט זיך
אַזוי צעשריגן, אַז ער האָט זיך פֿאַרקייכט און ער האָט שמשונען אַ כאַפּ־געטון ביים
קאָלנער פֿון מאַנטל און האָט אים אַרויסגעוואָרפֿן. די שטאָט האָט זיך געוויגט פֿון
געלעכטער. מענטשן האָבן געזאָגט, אַז עס איז זיי צום טויט!...

**
*

ליבעלע זעלצער האָט אינדערפֿרי דערזען דורכן פֿענצטער אין פֿאַרנעפּלטן
דרויסן, ווי יונגעלייט לויפֿן פֿון הויף צו הויף, פֿון טויער צו טויער און דייטשן
יאָגן זיך נאָך זיי. ליבעלע האָט גאָרנישט געזאָגט. זי איז אַרויס פֿון שטוב, אַ קוק־
געטון, וואָס עס טוט זיך אין גאַס. זי איז באַלד צוריקגעקומען: — איטשע, אַרונ־
טער הינטערן בעט! איטשע האָט נישט פֿאַרשטאַנען דעם וויץ. די דייטשן כאַפּן
יונגעלייט צו דער אַרבעט. זיי שיקן די יונגעלייט אין די וועלדער שניידן ביימער
און דערווייל פֿאַרנעמען זיי שפּייז־פּראָדוקטן, — אַ הונגעריקע חברה! איטשע,
שויין אַרונטער!... אַז איטשע האָט דערהערט אַ גערודער ביי דער טיר, איז ער ווי
אַ פֿויגל אַרונטערגעפֿלויגן.

— גוט־מאָרגן! צוויי דייטשן זענען אַריין. איינער אַ הויכער און אַ בייזער,
ווי עס פֿעלט אים עפּעס. דער צווייטער איז געווען אַ קליינער, אַ בייכלדיקער,
מיט רויטע בעקלעך, אַ זינגענדיקער:

— וואָ איז דער יונגע?

ליבעלע האָט מיט אַ זיס שמייכעלע זיי געזאָגט, אַז דער יונגע איז ביי דער
אַרבעט.

— זאָ?

— זאָ! זאָ!

— אָבער גראָסע רעזערוון פֿון פּראָדוקטן האָבן זי זיכער? — האָט דער
פֿריילעכער געטענהט.

— קיין רעזערוון טאָקע נישט, אָבער געשמאַקע זאַכן זיינד דאָ. יאָ, זיצן זי,
מיינע הערן און געניסן זי... און האָט זיי צוגערוקט שטולן און זיי מכבד געווען
מיט שטיקלעך פֿיש און אַ זעמעלע פֿאַר יעדן פֿון זיי און אויך אַביסעלע קאָמפּאָט.

— ראָבערט, וואָס שטייסטו זאָ זויער. עס נעמט מיר ביים הערץ? — ראָ־
בערט, עס איז זאָ רייצנד גוט. ראָבערט! און דאָס ברויטכען וועל איך נעמען
פֿאַר מיר אויף שפּעטער און דאָס צווייטע פֿאַר מיין ראָבערטן, יאָ?...

— גוטן טאָג!

— אוי, מאַמע! — איז איטשע שנעל אַרויסגעקומען פון הינטערן בעט — מאַמע, דו ביסט אַ גרויסע אַרטיסטקע!...

איטשע איז איצט געוואָרן אַ גרויסער שונא די דייטשן; איבער זיי איז ער געלעגן הינטערן בעט. די דייטשן מוזן שוין אַוועק, אַפילו היינט, אַפילו שוין!

***

איטשע האָט אַ פריילעכער געקלאַפּט אין פענצטער. ער האָט זיי גערופן מיט דער האַנט, זיי זאָלן אַרויסקומען, אָבער טאַקע שוין! די מאַמע איז גרייט, אָבער דער טאַטע רירט זיך נישט: — וואָס דעם איטשען פאַלט איין! איטשע האָט אָבער נישט אָפּגעלאָזן. ליבעלע האָט איר מאַן גענומען מיטביידע הענט. איטשע איז געלאָפן, מען קען פאַרשפּעטיקן. טאַטע־מאַמע זענען געלאָפן נאָך אים. גע־לאָפן ווי יונגע חברה און עס איז ווערט געווען! אַ דייטשער פריסטער איז גע־שטאַנען אויף אַ טיש, אין דרויסן, לעבן גאָרטן און ער האָט גערעדט פאַר אַ הונ־דערט סאָלדאַטן מיט אַראָפּגעלאָזטע ביקסן, גערעדט מיט אַ רירנדיקער שטימע, ווי ענגלאַנד און אַמעריקע האָבן זיך פאַרלייגט אויף אונדזער פאַטערלאַנד און ווילן נישט קיין פרידן. גאָט! גאָט!...

און גרויסע טרערן זענען גערונען איבער די שטיין־גרויע סאָלדאַטן־פּני־מער. זיי האָבן געוויינט...

— דאָס איז גוט! — האָט ליבעלע שטיל געזאָגט.

נחום האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ, אַז ער איז מסכים.

— האַ, איז דאָס נישט שיין? האָט איטשע געפרעגט טאַטע־מאַמע.

און מיט דער זעלביקער שמחה, ווי די דייטשן זענען מיט אַ פּאָר יאָר צוריק אַריין אין שטעטל, זענען זיי איצט פון דאָרטן אַוועק.

# מען זוכט די ירושה

אַן אויסגעבעסערטע דערציילונג, וואָס איז אָפּגעדרוקט אין
מיין בוך „היימישע וועגן” אונטערן נאָמען „אַזאַ פלאָנטער”.

ביי די צוויי ברידער, לייזער און הערצקע מיט זייערע ווייבער, און דעסט־
גלייכן ביי זייערע דריי שוועסטער מיט זייערע מענער, איז געווען אַ געוואַלדיקע
פאַרביטערונג, כמעט אַ שנאה, צו דאַנעקן, צו זייער עלטסטן ברודער. עס איז
געווען גאָר פאַרשטענדלעך. יעדער פון זיי האָט געהאַט אַ גרויסע משפחה, אַ
שטוב מיט קינדער. גרויסע, קלענערע און גאָר קליינע און די פּרנסה איז ביי
יעדן פון זיי געווען אַ צו־קליינע, אַ צו־שמאָלע. אָרעמע בעלי־מלאכות. דער ברו־
דער דאַנעק ווידער איז געווען דער גביר און נישט ווייל זיי האָבן עס געהאַט
אַזאַ איינרעדעניש, נאָר די גאַנצע שטאָט האָט דאָס געוווּסט, אָבער ער האָט פון
זיי נישט געוואָלט וויסן.

לייזער און הערצקע און זייערע דריי שוועסטערס האָבן אַלץ געטון דאַנעקן
צו דערנענטערן, אָבער ער האָט זיך נישט געלאָזט. זיי פלעגן אים פאַרבעטן אויף
אַלע זייערע שמחות. ער איז קיינמאָל נישט געקומען און נישט אַפילו צוגעשיקט
אַ מתנהלע, פאַר אַ גראָשן די ווערט. זענען זיי ווידער אַליין, אומגעבעטן, גע־
קומען צו דאַנעקן. הענע־רחל, די שוועגערן האָט דעמאָלט נאָך געלעבט. זי גראָד,
די שוועגערין, האָט זיי אויפגענומען גאַנץ לייטיש, ווי עס פּירט זיך און ווי עס
פּאַסט זיך, און ער, דער לייבלעכער ברודער, האָט גלייך געקריגן אַ פאַרקרומט
פּנים. ער האָט שרעקלעך אויסגעגלאָצט אויף זיי די אויגן, נאָכגעקוקט זייערע
טריט, זייער יעדן ריר מיט די הענט. ער האָט זיי געגעסן מיט די אויגן. מיט
פאַרקלעמטע הערצער זענען זיי אַוועק פון זייער ברודער און שוין מער נישט
געקומען. אָבער אַז מען איז געוואָרן אַביסל עלטער, קינדער זענען אונטערגע־
וואַקסן און דאַנעק ווידער איז שוין געווען קרוב זיבעציק, אָן קינד און רינד און

אַן אַ ווייב, האָבן זיי שוין, די ברידער און די שוועסטער זייער אַ סך געטראַכט וועגן זייער דאַנעקן און גאָרנישט מיט אַזאַ שנאה. דאַנעק איז פּאָרט געווען זייער ברודער און זיין פאַרמעגן וועט דאַנעק פּאָרט קיין אַנדערן נישט אַוועגעבן. זיי האָבן טאָג און נאַכט צווישן זיך געפרעגט וואָס עס הערט זיך ביי דאַנעקן... זייער זאָרג איז איצט געווען זייער גרויס. קיין הייזער האָט דאַנעק נישט געהאַט. ביי זיי, ווי ביי דער גאַנצער שטאָט איז געווען די מיינונג, אַז דאַנעק איז אָנגע־שטאָפּט מיט גאָלד און אַז דאָס גאָלד האַלט ער אין שטוב. ער האַלט עס לעבן זיך... ער איז איינער אַליין אין דער דירה מיטן גאָלד. דאָס גרעסטע אומגליק קען זיי געשען...

זייער האָפענונג איז געווען די ירושה. יעדער פון זיי האָט געהאַט אַ גרויסע משפחה.

אָט וועגן דעם האָבן זיי געטראַכט און געזאָרגט.

לייזער האָט די זאַך זיך מער גענומען צום האַרצן. לייזער איז געווען אַ הייסער מענטש. דערצו האָט ער זייער קונציק גערעדט און ליב געהאַט צו רעדן. ער האָט תמיד גערעדט צו זיין יינגערן ברודער, צו הערצקען, צו זיינע שוועס־טערס און צו זיינע שוואָגערס, אַז זיי זאָלן עס נישט האַלטן פאַר קליין, אַז באַהיט זאָל מען ווערן, מען קען ווערן אין איין מינוט איינגאַנצן אָפּגעבערענט, אָדער באַ־רויבט. דאַנעק איז אַן אַלטער מאַן. ער איז שוין נישט דאָס וואָס ער איז געווען. ער דערהערט שוין נישט און ער דערזעט נישט. און עס קען בכלל מיט אים אַליין עפּעס געשען. ער איז דאָך נאָר אַ מענטש און אַ זקן...

— באַרעכנט נאָר דאָס אַלץ...

— וואָס־זשע זאָל מען טון? — האָבן זיי אים געפרעגט.

לייזער האָט פאַרלאַנגט, אַז די מענער זאָלן אַרויס פון דער אַרבעט: „וואָס פאַר אַ באַדייטונג האָט עס דען אונדזער גאַנצע אַרבעט קעגן דער ירושה?“, „איצט דאַרפן מיר נאָר היטן אונדזער פאַרמעגן...“. ער האָט זיי געזאָגט, לייזער, אַז מ'וועט דאַרפן נאַכט ביי נאַכט, די גאַנצע נעכט היטן דאַנעקס הויז... „עס איז טאַקע שווער, אָבער מען מוז דאָס טון, אַז בייטאָג וועט מען אויך האָבן וואָס צו טון, וואָס מיינט איר, עס איז אַ געלעכטער?“.

הערצקע האָט שטאַרק געלאַכט פון לייזערס אָנגעברייטע מעשיות וועגן דאַנעקס גאָלד און, אַז דאַנעק האַלט שוין ביי צומאַכן די אויגן... הערצקע איז געווען יינגער פון לייזערן און יינגלערישער פון לייזערן. לייזער איז געווען זייער אַן ערנסטער און הערצקע האָט נאָר געלאַכט. פונדעסטוועגן האָט הערצקע צו־געזאָגט לייזערן, אַז ער איז מיט אים. עס איז אים געווען פשוט טשיקאַווע צו

זעען וואָס אַזוינס וועט לייזער טון. ער האָט ליב געהאַט אין לייזערן דאָס משוגעת... אַז כדי צו היטן דאָנעקס הויז און צו ראַטעווען די ירושה, וועט לייזער נישט שלאָפן, נישט עסן און נישט טרינקען. לייזער וועט די זאַך שוין בישט אָפּלאָזן. הערצקע האָט געזאָגט זיין ברודער: „איך בין מיט דיר...״ דערפאַר האָבן די דריי שוואָגערס, ווי אמתע פּויערים, געשאָקלט מיט די קעפּ אויף „ניין״. זיי גייען נישט אויף אַזעלכע זאַכן. לייזער האָט זיך אויף זיי אָנגעבייזערט און זיי, די „פּויערים״ האָבן ווייטער זיך געהאַלטן ביי „ניין״. זיי נישט. און הערצקע האָט געלאַכט.

באַשעלע, הערצקעס ווייב, אַ שטילע און אַ שעמעוודיקע, איז איצט צום ערשטן מאָל אַרויסגעטראָטן קעגן איר מאַן. איר געפעלט עס נישט, אַז הערצקע זאָל זיך אַרומדרייען אין די נעכט אַרום דאָנעקס הויז. מ׳קען זיך אַזוי יאָרן אַרומדרייען... לייזער האָט זיך געוואַלדיק אויפגערעגט. זיינע אויגן האָבן שוין געבלישטשעט.

הערצקען איז שטאַרק געפעלן זיין באַשעלעס רעדן. ווי קלוג זי האָט עס גערעדט. ער איז אָבער אויך געווען מיט לייזערן, מיט זיין אַרט רעדן, מיט זיין משוגעת. ער האָט דערפאַר אַזוי געזאָגט, הערצקע:

— קודם לאָמיר אַריבערגיין צו דאָנעקן. ער איז דאָך פאָרט אַ ברודער; מ׳וועט מיט אים רעדן. ער וועט דאָך אונדז נישט אָנעמען ביים קאָפּ.

לייזער האָט געשריגן, אַז דאָס טויג נישט. הערצקע האָט ווידער באַמערקט, אַז זיין באַשעלע האַלט שטאַרק פון דעם, וואָס ער האָט געזאָגט. ער האָט דערפאַר נאָך אַמאָל גערעדט און גאָר הויך, און די דריי שוואָגערס, וואָס זענען ביז אַהער געזעסן ווי דריי שטיינער, האָבן איצט אויך צוגעשאָקלט מיט די קעפּ אויף „יאָ״.

איז געבליבן, אַז גיין וועלן נאָר דריי. גענוג דריי. וועלן גיין לייזער און הערצקע און זייער עלטסטע שוועסטער, רישע־לאנע. זי איז דאָך די גאַנצע צייט די מליץ־יושרטע אויף דאָנעקן, די גוט־זאָגערין אויף איר ברודער, אַז וואָס די שטאָט זאָגט אויף אים איז שקר וכזב. דאָס זענען פּוסטע מיילער און אַז אויך די ברידערלעך און שוועסטערלעך זענען שולדיק, וואָס דער ברודער איז אַזוי צו זיי: מילא, אַז זי זאָגט אַזוי, זאָל זי גיין. אפשר איז זי גערעכט. זאָל זי איצט זיין די אויפטוערקע. מען פאַרגינט עס איר.

זיי האָבן לאַנג געקלאַפּט אין דער טיר. אויף רישע־לאנעס הויכע קינבאַקן איז אויפגעגאַנגען אַ רויטקייט פון פאַרשעמטקייט. זי איז דאָך דאָנעקס מליץ־יושרטע. הערצקע ווידער האָט געלאַכט איבער רישע־לאנעס פּנים. אָבער דאָנעק

האָט זיך באַוויזן אין פענצטער, געקוקט, ווער עס זענען די קלאַפּערס... דאָנעק האָט געעפנט די טיר:

— ווי דאָנעק זעט עס נעבעך אויס! ער איז דאָך גאָרנישט דער זעלבער דאָנעק. ער זעט דאָך אויס ווי ער פאַלט פון די פיס. אַלט, איינגעבויגן.

דאָנעק האָט זיי אָנגעקוקט, נישט אַראָפּגעלאָזט פון זיי דאָס אויג... אַביסל האָט דאָס אויסגעזען, אַז ער דערזעט שוין נישט, ער דערקענט נישט און אַביסל האָט עס געהייסן: איר זעט כאָטש, ווי איך זע אויס?...

זיי זענען געווען גערירט.

— וואָס מאַכסטו, דאָנעק?

— וואָס איז מיט דיר, וואָס דו זעסט אַזוי אויס?

— אפשר דיר עפּעס ברענגען?

— אפשר זאָל מען מיט דיר זיין?

— אפשר זאָל מען דיך נעמען צו אונדז?

דאָנעק האָט געהאַלטן זיינע אויגן אויף זיי, וואָס האָבן נאָר געקוקט צום קאַסטן: וואָס האָבן זיי אַזוינס דערזען אויפן קאַסטן?... ער האָט צו זיי געמאַכט מיט דער האַנט, אַז ער דאַרף גאָרנישט. ענדלעך איז לייזער צוגעגאַנגען צום בעט, צו זיין ברודער. ער האָט עפּעס צו אים גערעדט. דאָנעק האָט זיך אויפגעריסן, ווי פון אַ טיפן שלאָף. ער האָט אַ פאַרחידושטער אָנגעקוקט זיין ברודער לייזער:

— מען איז געקומען צו דיר, טייערער דאָנעק —האָט לייזער גערעדט— ווי ברידער און שוועסטער צו זייער ברודער. מיר האָבן מורא פאַר דיין געזונט. עס טוט אונדז וויי ווי דו זעסט אויס. מיר האָבן דערפון קרענקונג. און דו ליגסט איינער אַליין אין שטוב. מיר ווילן מיט דיר זיין, אָבער אויב, ליבער ברודער דו ביסט דאָך איינגעשפּאַרט, ווילסט ווייטער זיין דאָ איינער אַליין, נעם־זשע נישט פאַר שלעכט אונדזערע רייד. דו ביסט שוין אויף דער עלטער. דו ביסט שוואַך. דיין פאַרמעגן איז שוין היינט נישט אַזוי זיכער ווי עס איז געווען... טייל עס פאַנאַנדער צווישן אונדז... ס׳פירט זיך דאָך אַזוי אויף דער וועלט...

דאָנעק האָט אַלץ געקוקט צו לייזערן. זיינע אויגן האָבן אויסגעזען פאַר־שלאָפענע און אַז באַלד וועט דאָנעק אַראָפּלאָזן דעם קאָפּ, אָבער דאָנעק האָט עפּעס געשעפּטשעט. זיי האָבן זיך צוגעבויגן. ער האָט גערעדט זייער און זייער שטיל:

— איר זענט משוגעים, צו אַלדי שוואַרצע יאָר... גייט, גייט!

רישע־לאַנגע איז געוואָרן אויפגעקאָכט פון איר ברודערס פּראָסטן רעדן. זי האָט זיך פאַנאַנדערגעוויינט אויפן קול. דאָנעק האָט אַ ווילדער זיך אויפגעריסן

און מיט זיין גאַנצן כוח זיי געשטופּט מיט זיין קערפּער, זיי געשטופּט צו דער טיר און אַריבער די שוועל: „פּאַשאָל וואָן״ !...

הערצקע האָט געקייכט פון געלעכטער. לייזער האָט געברענט פון כעס אויף רישע־לאנע און רישע־לאנע האָט אויסגעזען ווי באַנאַרישט.

*****

לייזער און הערצקע האָבן גאַנצע נעכט געוואַכט אַרום דאָנעקס הויז און עס האָט זיך זיי כסדר געדאַכט, אַז פון דער אַנדערער זייט פון הויז גייען מענטשן, זענען זיי אַוועק אין אַ צווייטער זייט. זייערע הערצער האָבן געציטערט, אַז אָט־אָט וועט באַלד עפּעס געשען. דאָס זענען רויבערס. און אַמאָל האָט זיך זיי אויסגעדאַכט, אַז דאָנעק אַליין וועט צו זיי אַרויסלויפן מיט אַ האַק. לייזער איז אָבער נישט מיד געוואָרן. הערצקע אָבער איז געפאַלן. ער האָט זיך נאָכגעשלעפּט לייזערן. לייזער האָט אים געהאַלטן ביי דער האַנט. לייזער האָט אויסטערליש אויסגעזען. דאָס פּנים אויסגעשמירט. זיינע קינבאַקן האָבן זיך שטאַרק אויסגעשפּיצט. זיינע אויגן האָבן געבלישטשעט ווי שטערנס אין אַ ווינטער־נאַכט און הערצקע פאַלט. ער קען שוין נישט שטיין אויף די פיס.

אַ חוץ דער דאָזיקער אַרבעט ביינאַכט, האָט לייזער נאָך געהאַט אַ סך אַרבעט בייטאָג. ער האָט מיטגעשלעפּט דעם שוואַכן הערצקען איבער דער שטאָט צו פאַרשוואַרצן דאָנעקס פּנים. אפשר וועט שטאָט זיך אַריינמישן. אפשר וועט דאָנעק זיי הערן. ער וועט זיך באַרעכענען... הערצקע האָט שוין בשום אופן נישט געקענט מיטהאַלטן מיט לייזערן. בשום אופן נישט. באַשעלע, הערצקעס ווייב, האָט עס געמאַכט דאָס גרויסע קול אויף דעם לייזערן, אַז נישט אַנדערש ווי ער איז משוגע. לייזער ווידער האָט געשריגן, אַז די גאַנצע ירושה וועט גיין אין דער ערד אַריין... האָט הערצקע זיך ביי אים געבעטן: „לאָז מיך אָפּ אויף עטלעכע טעג, כאָטש עטלעכע טעג...

*****

לייזער מיט הערצקען זענען אַוועק צום רב. וואָס איז דען אַ רב, אויב נישט אָנעמען זיך פאַר אָרעמע? זאָל דער רב רעדן צו דאָנעקן. דער הדרת־פּנימדיקער רב, מיט דער ברייטער רויט־גרויער באָרד, האָט מאָדנע געקוקט אויף די צוויי פאַרשווינען, וואָס זעען אויס ווי צוויי מדינה־גייערס, און ווי לייזער האָט אָנגעהויבן רעדן: „דאָנעק״, „דאָנעק״, האָט דער רב בייז זיך אויפגעשטעלט:

— איך בעט אייך, לאָזט מיך צורו מיט דאָנעקן; שוין ווידער דאָנעק!

לייזער האָט ווייטער געערדט צום רב און דעמאָלט האָט דער רב ביידע פאַר־שוינען צוגעפירט צו דער טיר. הערצקען האָט פאַרדראָסן, האָט ער דאָס געטענהט צום רב. עס האָט אים גאָרנישט געהאָלפן. ביי דער טיר האָט דער רב זיי געזאָגט:

— צוליב אייער דאָנעקן איז מיין באָרד גרוי געוואָרן...

לייזער איז נישט אָפּגעשטאַנען. ער האָט הערצקען געצויגן מיט זיך. זיי זע־נען אַריין אין סקוועד. אינמיטן טאָג האָט מען אין סקוועד געטראָפן אַן עדה ייִדן. לייזער האָט עס געמאַכט אומגעלומפּערט, וואָס ער האָט „אויף כוח" אַריינגעזעצט צווישן מענטשן, אין אַ שטאַרקער ענגשאַפט. הערצקען האָט דאָס פאַרדראָסן אויף זיין אייגענעם ברודער און די ייִדן, די באַנק־זיצערס, האָבן זיך געשטויסן פון ענג־שאַפט. לייזער האָט גלייך אָנגעהויבן מיט „דאָנעק" און „דאָנעק". די מענטשן זענען אַלע אויפגעשפּרונגען פון דער באַנק און זענען אַנטלאָפן. דערזען פון די אַנדערע בענק, אַז ייִדן לויפן, האָבן זיי זיך אויך געכאַפּט און אַרויסגעלאָפן פון סקוועד... הערצקע האָט געהאַלטן זיינע הענט צום עולם, זיי זאָלן זיך אָפּשטעלן, אָבער ווי! קיין איינער איז דאָ נישט געבליבן.

***

פּלוצים, אומגעריכט, האָט לייזער היינט, באַלד באַגינען, עס איז נאָך געווען בלוי אין דרויסן, אַלעמען אָנגעזאָגט אַזוי שטיל, ווי אַ זעלטענער סוד, אַז זיי זאָלן שוין אַוועקגיין אַהין, אָבער שוין...

די ווייבער האָבן גענומען אויף די קעפּ טונקעלע טיכלעך. זיי זענען שנעל אַוועק. די טיר פון דאָנעקס דירה איז געווען פאַנאַנדערגעפּראַלט, ווי אין אַ דירה פון אַ טויטן. דאָנעקס באַשטאַנד אויף דער ערד מיט דריי ליכטלעך צוקאָפּנס, האָט באַוויזן די ברידער מיט די שוועסטער, די שוואָגערס און די שוועגערינס, אַז זייער דאָנעק איז טויט.

אַן אַלטיטשקע, אַ שכנטע פון דער אַנדערער שטוב איז געזעסן קעגן מת, אַ פאַרצאַגטע, מיטן קאָפּ פאָראויס צום חלל, ווי זי וואָלט עפּעס דאָרט דערזען. זי האָט דערזען:

— איר זאָלט מיר געזונט זיין. איר זענט זיינע? איך האָב אייך געהאַט דורכן פענצטער געזען אַריינגיין צו דאָנעקן. איר האָט מיר מחיה געווען מיט אייער קומען. ס'איז מיר געווען זייער סמוטנע. ווער האָט עס אייך געזאָגט?

— איר זענט זיכער מיד, שכנטע — האָט איר לייזער געזאָגט,— איר קענט אַריינגיין צו זיך אַביסל צושפּאַרן.

— איך וועל טאַקע אַזוי טון. איך בין זייער מיד. ווען וועט זיין די לוויה?

— מען וועט אייך זאָגן, שכנטע.

עס איז געגאַנגען מיט אַ געוואַלדיקער געשווינדקייט. די טיר האָט לייזער צוגעשלאָסן און עס איז שוין אָנגעגאַנגען דאָס זוכעניש. עס איז געווען שטיל. עס האָט קיינער קיין וואָרט נישט אַרויסגעלאָזט. מ׳איז געלאָפן פון ווינקל צו ווינקל. מ׳איז געקראָכן אויף אַלע פיר. אויך די שוואָגערס, וואָס האָבן שטענדיק געשאָקלט די קעפּ אויף „ביין״. אויך זיי זענען איצט געקראָכן איבער דער ערד אין אַלע ווינקלען. זיי האָבן אויסגעזען ווי קוימענקערערס. אַלץ איז געשטאַנען אָפן. דער גרויסער קאַסטן, דער קליינער קאַסטן, דער קויש און די אַלטע וואַליזע, אַלע שענקלעך און שאַפקעלעך, אָבער אומעטום ליידיק. אַזאַ בראָך. ס׳איז ליידיק. מען דאַרף גאָר לעבעדיק מאַכן דאָנעקן און זאָל ער זאָגן ווו ער האָט אַהינגעטון דאָס פאַרמעגן. יעדער האָט געשפּירט חלשות און ער האָט נישט ווערמען דאָס צו זאָגן, ווייל זיי אַלע חלשן... רישע־לאַנע האָט צו אַלע צרות געבראָכן און אירע אויגן זענען ווי איבערגעדרייט. באַשעלע האָט זיך געהאַלטן אויף הערצקעס הענט. עס פעלט איר לופט. הערצקע האָט איר אַרויסגעפירט אין דרויסן. לייזער איז גאָר געלעגן אויף אַ בעטל מיט אויסגעגלאָצטע אויגן צום בעליק. ער איז שוין פון דעם אַלעמען געוואָרן אַ בהמה. ער ווייסט גאָרנישט. ער האָט געפילט, אַז ער שלאָפט איין. עס איז אים גוט צו שלאָפן. די שוועסטערן און די שוואָגערס און באַשעלע האָבן אים אָבער נישט געלאָזט איינשלאָפן. זיי האָבן פון אים פאַרלאַנגט איין זאַך:

— ווער האָט עס דיר געזאָגט, אַז דאָנעק האָט גאָלד און אַז ער האָט דאָס גאָלד אין שטוב? ווער?! ווער?!

אָבער גערעדט ווי צו אַ טויטן.

— וואָס וועט איצט זיין? — האָט רישע־לאַנע געוויינט — וואָס וועט מיט אונדז זיין? מיט וואָס וועלן מיר חתונה מאַכן אונדזערע קינדער?

הערצקע האָט געקייכט פון געלעכטער.

— און אפשר — האָט רישע־לאַנע געקלאָגט — האָט מען ערשט, ווי ער האָט אויסגעהויכט די נשמה, אַרויסגעגנבעט אונדזער ירושה? מיר זענען געשלאָפן. לייזער איז געשלאָפן, — דער היטער אונדזערער!

לייזער איז געלעגן ווי אַ געליימטער. אים אַליין האָט זיך געדאַכט, אַז ער ווערט טויט. הערצקע האָט געשמייכלט, קוקנדיק אויף לייזערן...

# אַ רייכע פֿאַנטאַזיע

זייענדיק אַ יינגל, אַ יונג בחורל, האָט כּיליש נישט געקענט מוחל זיין זיין טאַטן, וואָס ער האָט זיך געלאָזט ווערן אויס וואַלד־סוחר און געוואָרן אַן אָרעמאַן גלייך מיט אַלע אָרעמעלייט. כּיליש איז שוין דעמאָלט געווען ביי זיך זיכער, אַז וואָלט ער געהאַט אַ וואַלד, וואָלט ער אים געהאַלטן. קיין שום כּוח וואָלט עס ביי אים נישט צוגענומען. און כּיליש האָט געהאַט די פֿאַנטאַזיע, אַז ער וועט זיין רייך און בלייבן אַ רייכער מענטש.

און נישט נאָר וועגן רייכקייט האָט ער פֿאַנטאַזירט, נאָר אויך וועגן זיין כּלה, וועגן זיין ווייב, ער האָט זיך אויסגעמאָלט איר אויסזען: זייער אַ שיינע, אַ שוואַרץ־חנעוודיקע, גרויסע שוואַרצע אויגן, אַ ליבן שמייכל מיט איידעלע מאַנירן. ביידע פֿאַנטאַזיעס זענען אין אים געווען געקניפּט און געבונדן; ער האָט גוט געוווּסט, אַז דאָ אין שטאָט, וועט ער רייך נישט ווערן און ער וועט נישט האָבן די פֿרוי, וואָס ער חלומט, — אַ קליינע שטאָט, אַן אָרעמע שטאָט. עס זענען פֿאַראַן עטלעכע נגידים, אָבער נישט קיין רייכע. ער האָט געקענט אַלע מיידלעך אין שטאָט. עס זענען פֿאַראַן עטלעכע שיינע מיידלעך, אָבער נישט די, וואָס ער האָט געחלומט. האָט ער דעריבער געחלומט וועגן וואַרשע. אין וואַרשע איז אַלץ פֿאַראַן: שיינע, גאָר שיינע און זעלטענע שיינקייטן. רייכע, גאָר רייכע און מיליאָנערן און אַזוי ווי זיין טאַטע שמואל צענצימינער איז געוואָרן קלענער, איינגעבויגענער, אַזוי איז כּיליש געוואָרן העכער און העכער, גלייכער, מיטן קאָפּ אַרויף.

ער איז געגאַנגען מיט אַ געוואַלדיקער ענערגיע ווי איינצונעמען די וועלט.

ער איז געפֿאָרן קיין וואַרשע, געקומען פֿון וואַרשע און ווידער געפֿאָרן. און אָט איז געשען, אומגעריכט, ער איז זיך געזעסן אין אַ רעסטאָראַן אויף דער קאַר־מעליצקע גאַס, געזעסן ביי אַ טישל און געגעסן אַ מאָגערן מיטיק. אויפֿן מענטש, וואָס איז געזעסן אַנטקעגן אים, ביים זעלבן טישל, האָט ער זיך גאָרנישט אומ־געקוקט. ער האָט גאָר געקוקט אויף די מענטשן, וואָס קומען אַריין און גייען אַרויס

פון רעסטאָראַן. אָבער דאָ האָט ער באַמערקט, אַז דער מענטש קעגן אים האָט אַ נאַריש פּנים, אַ געשוואָלן בלאַס פּנים מיט גרויסע מידע אויגן, אויסגעלאָשענע אויגן. האָט עס כּילישן דענערווירט, האָט ער זיך אונטערגעיאָגט מיטן עסן, שנעל ענדיקן און גיין!

דאָ האָט ער ווידער באַמערקט, ווי דער דאָזיקער פּאַרשוין לאָזט נישט פון אים אַראָפּ זיינע אויגן, האָט ער ווידער אַ קוק־געטון, — אַלץ דאָס זעלבע: יענער שמייכלט און זיין נאַריש פּנים האָט איצט אַ קאָליר. האָט ער זיך צו אים האַסטיק צוגעבויגן: — איר מוזט מיר קענען? איז יענער געוואָרן פאַררויטלט מיט אַ צע־גאַסענעם שמייכל איבערן גאַנצן גרויסן פּנים: — איך קען אייך נישט, אָבער איך וואָלט אייך געוואָלט קענען! כּיליש האָט צעעפנט אַ פּאָר אויגן: — וואָס אַזוינס האָט איר אין מיר דערזען? ענטפערט יענער באַנומען, ווי ער איז אויסער זיך: איך האָב שוין לאַנג נישט געזען אַ מענטש מיט אַזאַ ענערגיע, אַזאַ פּנים, ווי איר זיצט אויף דער שטול און טאַקע אייער עסן. ווען איך וואָלט געהאַט אייער ענערגיע!...

— וואָס וואָלט געווען?

— וואָלט מיר גוט געווען!

— וואָס מיינט איר?

דער מענטש האָט זיך צוגעזעצט לעבן כּילישן, כּדי צו זיין נענטער און רעדן שטילער. עס איז נישט געזונט זייטיקע זאָלן זיך צוהערן: — איך האָב אַ געשעפט אויף די נאַלעוווקעס, אויפן פערטן שטאָק. אַ קליין אָרט. פיר אויף פיר. שלאָפט דאָס געשעפט. דאָס איז אַ געשעפט פון וועש. מיין פירמע הייסט „פּאָפּ". איך אַליין הייס הערצקע פּענטשיק, — דאָס איז נישט נישט קיין נאָמען פאַר אַ פירמע, הייסט עס „פּאָפּ". וואָס קומט אָבער אַרויס, אַז עס שלאָפט; איך בין אין דעם שול־דיק. איך מוז אייך זאָגן דעם אמת, אַז איך בין אַ מענטש אָן ענערגיע, אָבער טאַקע גאָרנישט. איך וועל עס מוזן צומאַכן, האָט ער טרויעריק פאַרענדיקט.

— נעמט מען צו אַן ענערגישן מענטשן — האָט כּיליש אַ זאָג־געטון גאַנץ שאַרף, מיט אַ וווּנדער, וואָס אַ ייִד אַ סוחר פאַרשטייט דאָס אַליין נישט.

— איר זענט כּשר גערעכט. אָבער אַן ענערגישער מענטש וועט נישט גיין צו מיר. וואָס קען איך אים צאָלן? די ענערגישע מענטשן זענען ביי די גרויסע סוחרים. האָב איך געהאַט ייִנגלעך, קאַליקעס, זיי האָבן מיר געמאַכט מיד און מאַט און איך גיי אונטער.

— איך וויל עס זען, איך מוז עס זען — האָט כּיליש זיך ענערגיש אויפ־געשטעלט. קומט!

— אָט דאָס האָב איך אויסגעקוקט. איך דאַנק אייך, וואָס איר גייט מיט מיר. קען איך אפשר וויסן, וואָס פאַר אַ געשעפט איר פירט?

— איך? געשעפט? מיין טאַטע איז שמואל צענצימינער, אין שעדלעץ. אַ גרויסער וואַלד־סוחר. אין וואַרשע קום איך זיך זען מיט די רייכע פּריצים.

— איך דאַנק אייך. אָט דאָ איז עס. איר זעט דעם שילד „פּאָפּ״?

גלייך ווי כיליש צענצימינער האָט דערזען דאָס געשעפטל „פּאָפּ״, אַזוי האָט ער זיך שרעקלעך אויפגערעגט. ער האָט זיך געוואָרפן: — ווי האָט איר דאָס געקענט דערלאָזן, ווי האָט איר דאָס געקענט? עס האָט אים אויסגעזען, אַז ביי־נאַכט זענען דאָ געווען מייז און ס'איז דאָ קיין סחורה נישטאָ. עפּעס עטלעכע שטיקלעך שמאַטעס. די העמדער זעען אויס ווי אַלטוואַרג. ער האָט זיך געוואַלדיק אויפגערעגט: — ווי האָט איר דאָס געקענט דערלאָזן? אין דעם מאָמענט איז אַריינגעקומען אַ פּאָר־פאָלק, קענטיק פּראָווינצער. אַריין און אַרויס און זענען צו־ריק אַריינגעקומען מיט אַ פראַגע: — איז טאַקע דאָ די פירמע „פּאָפּ״ מיר האָבן אונטן געזען אַ שילד, אָבער... זיי האָבן זיך אומגעקוקט און זענען אַרויס.

— וואָס־זשע טוט מען? — איז דער סוחר צוגעשטאַנען צו כילישן.

— איר ווייסט, מען קען דאָ מאַכן פּתום ורעמסס. יאָ, איך נעם זיך אונטער דאָ צו מאַכן אַ גרויס געשעפט, — גאָר אַ גרויס געשעפט. אַ סך סחורה און עס זאָל זיין אַ גרויסער פדיון, זייט נאָר נישט געפאַלן, נאָר נישט צו זיין מוטלאָז, חלילה.

— אָבער, איר זענט דאָך אַ פאַרנומענער מענטש!

— איך וועל זיך נעמען צייט!

— וואָס וועט עס מיך דאַרפן קאָסטן?

— נישט מער, ווי איך וועל זיין אַ שותף.

— וועט איר אַריינלייגן געלט?

— קיין געלט, עס איז נישט נייטיק. איר זענט אַ וואַזשנער סוחר, איך וועל אַריינלייגן סחורה — איר הערט? סחורה!

הערצקע פּענטשיק האָט זיך געדרייט אַרום כיליש צינצעמינער, ווי אַ משרתל, ער האָט אים אונטערגעטראָגן דעם מאַנטל מיטן קאַפּעליוש ווי אַ משרת.

כיליש צענצימינער איז מיט פּענטשיקן אַוועק אין גאַס. הערצקע פּענטשיק האָט זיך געפילט ווי ער זיצט אויף כילישעס אַקסלען, אויף דעם דאָזיקן ריז. כיליש איז מיט אים אַריין צו די גרויסע הורט־סוחרים, צו די גרעסטע, צו דער סאַמע ערשטער קוועלע. ער האָט געהייסן אָפּשיקן סחורה מיט קרעדיט אויף דריי־סיק טעג. די סוחרים האָבן געקוקט נאָר אויף כילישן — אַ פאַרנעם פון אַ מענטש! ער האָט אויף זיי געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק, זיין ענערגיע, זיין אַרט רעדן.

אײן װאָרט זײנס האָט מער באַדײטונג װי אַן אַנדערנס צען און אַפילו הונדערט. אױף הערצקע פּענטשיק האָבן זײ זיך גאָרנישט אומגעקוקט, זײ האָבן גאָרנישט געװוּסט װער ער איז. סוחרים האָבן צוגעשיקט סחורה מיט קרעדיט אױף דרײסיק טעג, פריִער האָט כיליש געמאַכט, מען זאָל אױספּרישן די װענט און װאַשן דעם דיל, אַז עס האָט געשפּיגלט.

די סחורה איז אָנגעקומען װי מצות אין אַ ערב־פּסחדיקער שטוב. כיליש האָט געמאַכט אַ רעש מיט אַנאָנסן אין די יִדישע בלעטער װעגן מציאות פון העמ־דער אין דער פירמע „פּאָפּ”. ער האָט געלאָזט אָפּדרוקן בלעטלעך און מען האָט זײ פאַנאַנדערגעװאָרפן איבער די װאַרשעװער גאַסן. עס האָט געשנײט מיט זײנע בלעטלעך. ער האָט געהײסן אױסװאַשן דעם שילד אין פראָנט, עס האָט איצט אױפגעשײנט די פירמע „פּאָפּ”. מ'האָט איצט פון װי װײט געזען „פּאָפּ” און עס זענען געקומען קונים װי אין אַ באַנק, װי אױף דער פּאָסט, אָדער גאָר אין אַ װאָקזאַל.

מיט די קונים האָט גערעדט כיליש. מיט די שענסטע װערטער האָט ער די קונים געגעבן צו פאַרשטײן װעגן דער קװאַליטעט פון די העמדער און די מוסטערן און — איר װײסט כאָטש װיפיל איר ברענגט זיך אײן אױפן פּרײַז? הערצקע האָט געדאַרפט נישט מער װי פּאַקן, פּאַקן, נישט מער, אָבער אױך דאָס האָט כיליש איבערגענומען, ער האָט נישט געקענט קוקן װי זײן שותף מאַכט דאָס — לײמענע הענט. הערצקע פּענטשיק, דער גרינדער פון דער פירמע האָט שױן געהאַט מורא, אַז דער שותף װעט אים אַרױסװאַרפן. כיליש איז איצט אַרומגעגאַנגען מיט אַ פאַנטאַזיע צו פאַרגרעסערן דאָס געשעפט, צו נעמען אַ גרױס געװעלב אין גאַס, מיט ברײטע טירן און גרױסע פענצטער; הערצקע פּענטשיק האָט איצט רעכט געציטערט, אַז דער מענטש פאַרנעמט זיך אים אַרױסצוװאַרפן. ער האָט זיך גע־דרײט אַרום כיליש צינצעמינער װי אַ משרת, מיט בעטנדיקע אױגן, ער האָט דאָך אַ װײב מיט קינדער. כיליש האָט אױסגעזען װי אַ ריז און הערצקע פּענטשיק — װי אַ מילבעלע. בײ די גרױסע סוחרים איז עס געװען נאָר יחיאל צינצימינער און נישט קײן הערצקע פּענטשיק און נישט קײן „פּאָפּ”.

***

אַז כיליש צינצימינער איז געװאָרן אַזאַ פיגור, האָבן זיך געלאָזט צו אים שדכנים, מיט שעדלעצער שידוכים און װאַרשעװער שידוכים. אין שעדלעץ זענען די דאָרטיקע שדכנים געלאָפן צו כילישעס טאַטע־מאַמע, זײ זאָלן זיך צובײגן, אַז כיליש זאָל טון אַ שעדלעצער שידוך. זײן טאַטע האָט אָבער געװאָלט כיליש זאָל

נעמען זיין ברודערס מיידל. איז געוואָרן דאָרט אַ מחלוקה ביי טאַטע־מאַמע, וואָרעם די מאַמע האָט דורכאויס געוואָלט, אַז כּיליש זאָל נעמען איר שוועסטערס מיידל. זי איז דאָך נעבעך אַ יתומה, אָן אַ טאַטן און שיין איז זי דאָך — ווי די זון... דער טאַטע האָט אים געשריבן. די מאַמע האָט אים געשריבן און ער האָט דאָס אַלץ אַוועקגעשאַרט.

די פאַנטאַזיע וועגן זיין כּלה, זיין ווייב, האָט זיך איצט אין אים אויפגעכאַפּט. זי איז שוין געווען אין אים איינגעשלאָפן; דאָס אויפבויען דאָס געשעפט האָט עס אין אים איינגעשלעפערט. זיינע אַלע געדאַנקען און פאַנטאַזיעס זענען געווען נאָר אין געשעפט. אַ גרויס געשעפט. ברייטע טירן, גרויסע פענצטטער, אַ גרויסער פער־סאָנאַל. איצט, אַז עס לויפן צו אים שדכנים און דער טאַטע מיט דער מאַמען שרייבן צו אים, — ער באַזונדער און זי באַזונדער, — האָט זיך אין אים דער־וועקט זיין אַלטער חלום. עס האָט זיך צוריק אין אים געמאָלט: אַ רייצנדיקע שיינ־קייט, אַ שוואַרץ־חנעוודיקע, גרויסע שוואַרצע אויגן, אַ ליבער שמייכל מיט איידעלע מאַנירן. ער האָט אין גאַס געזוכט מיט די אויגן זיין חלום. ער איז די נעכט נישט געשלאָפן. זיין שותּף, הערצקע פענטשיק, האָט שוין באַמערקט אין כּילישן אַ גרויסע ענדערונג, ווי ער שטייט־אָפּ, און אפשר טראַכט ער גאָר ווי אים אַרויסצו־וואַרפן פון געשעפט?

***

כּיליש האָט זיך גענומען אַ שטיקל אורלויב, צו פאָרן צו טאַטע־מאַמע, נישט צוליב זייערע שידוכים, נאָר צוליבן פאָרן צו טאַטע־מאַמע, זיי זען און זיי ברענגען פיינע מתּנות. אויף די עטלעכע טעג האָט מען געשלאָסן דאָס געשעפט.

הערצקע וואָלט זיך נישט אונטערגענומען אַליין צו זיין דער סוחר און כּיליש וואָלט גאָרנישט געטרויט דאָס געשעפט אַ מענטש מיט אַ נאַריש פּנים און ליי־מענע הענט. כּיליש האָט מיט זיך מיטגענומען גוטע מתּנות פאַר זיין טאַטע־מאַמע, פאַרן טאַטן שטאָפן אויף עטלעכע קאַפּאָטעס און דער מאַמען אויף עטלעכע קליידער. ווי ער איז אַריין אין באַן, האָבן אַלע מענטשן, די פּאַסאַזשירן, אויסגעגלאָצט אויף אים די אויגן, — אַזאַ ענערגיע, אַזאַ שטעל, אַזאַ פּנים! ער איז זיי פאַרבייגע־גאַנגען, כאָטש עס זענען געווען גענוג פרייע פּלעצער. ער האָט זיך גאָר אַוועק־געזעצט אין אַ ווינקל ביים פענצטער אַנטקעגן אַ מיידל. און ווי ער האָט זיך אָפּגעפּאַרטיקט מיטן אַוועקלייגן די פּעקלעך, די מתּנות פאַר טאַטע־מאַמע, האָט ער דערזען דאָס מיידל און עס האָט פאַר אים אויפגעשיינט די זון... אָן ענלעך געשטאַלט פון זיין חלום!... ער האָט זיך געפילט שיכּור!... ער האָט גלייך מיט

איר זיך אַריינגעלאָזט אין אַ שמועס. ער האָט זיך פאַנאַנדערגעברענט. פון אָנהייב האָט ער איר אויפמערקזאַם געמאַכט אויף דער פּרעכטיקער לאַנדשאַפט און איז באַלד אַריבער זיך פאָרצושטעלן פאַר איר, ווער ער איז, אַז ער איז מיט אַ יאָר צוריק געקומען קיין וואַרשע מיט ווייניק געלט. ער איז אַריין אַלס שותף אין אַ געשעפט פון וועש. ער האָט דאָס פאַנאַנדערגעבויט, עס איז היינט דאָס גרעסטע געשעפט אויף די נאַלעווקעס... ער גייט עס נאָך מער פאַרגרעסערן, צענפאַך אַזוי גרויס. עס מוז זיין אַ געשעפט פאַרן גאַנצן לאַנד. ער האָט גערעדט מיט פייער. זי האָט געקוקט אויף אים מיט אַזאַ ליבן שמייכל, וואָס האָט געצופט זיין האַרץ. אירע גרויסע שוואַרצע אויגן מיט די גרויסע ווי:עס האָבן אים באַוואונדערט. זיי האָבן אים געוואַרעמט און געגרויסט:

— אינטערעסאַנט, אינטערעסאַנט — האָט זי ליבלעך געשעפּטשעט.

— איך וואָלט געשווירן —האָט ער זיך אויפגערודערט— אַז איך האָב אייך אַמאָל געזען.

— מיך געזען? —האָט זי אויסגעשטעלט אַ פּאָר נייגעריקע אויגן— מיך געזען?

— איך בין עס זיכער. איך געדענק נאָר נישט ווען און ווו.

— אינטערעסאַנט! —האָט זי געשעפּטשעט— אינטערעסאַנט!

— איר מוזט מיר זאָגן —האָט ער געברענט— אייער נאָמען און פון וואַנעט איר זענט און וווהין איר פאָרט איצט. איך בעט אייך.

זי האָט געשמייכלט:

— עס איז גאָרנישט אַזוי שווער צו וויסן וווהין איך פאָר. איך פאָר קיין לובלין. איך וווין אין לובלין מיט מיינע עלטערן. דאָס איז עס אינגאַנצן.

ער האָט איר דערציילט, אַז ער פאָרט צו די עלטערן אין שעדלעץ. זיין טאַטע איז שמואל צענצימינער, אַמאָליקער גרויסער וואַלד־סוחר. ער האָט זיי שוין, זיינע עלטערן, לאַנג נישט געזען. ער האָט איר דערציילט אַלץ פון זיין האַרץ, אַז שוין אין די יינגערע יאָרן, אַ יינגל, האָט ער געחלומט וועגן אַזאַ געשטאַלט, וועגן אַזאַ מיידל ווי זי. ער האָט געפיבערט. זי האָט אויף אים גע־קוקט מיט וואָס פאַר אַ פייער ער רעדט, מיט וואָס פאַר אַ טעמפּעראַמענט און ענערגיע. ער האָט גערעדט, געשילדערט זיינע קינדער־יאָרן. ער האָט גערעדט דורכגעגנומען און מיט געבעט. זי האָט אים שווייגנדיק אויסגעהערט. ביידע זענען געווען אַזוי פאַרטיפט אין שמועס, אַז די באַן איז פאַרביי שעדלעץ און ווען ער האָט זיך געכאַפּט, איז שוין די באַן געווען ווייט... זיי האָבן ביידע הויך געלאַכט

די פּאַסאַזשירן האָבן זיך אויפגעשטעלט צו זען ווער עס האָט אַזוי הויך געלאַכט. ער האָט געשפּירט — זי האָט אים ליב.

— פאָרט מיט קיין לובלין — האָט זי אים געזאָגט.

— ליידער, ליידער —האָט ער זיך ביי איר געבעטן— קען איך עס היינט נישט טון. איך וועל עס זיכער טון מיטן גרעסטן פאַרגעניגן. איך וועל ספּעציעל קומען צו אייך. איך בין געבונדן מיט אַ וואָרט צו טאַטע־מאַמע, אַז איך קום צו זיי און עס איז שוין שפּעט. עס איז באַלד שבת.

— איך בעט אייך —האָט ער איר געבעטן— גיט מיר אייער אַדרעס און איך וועל אייך געבן מיין אַדרעס. איך וויל, ווען איר וועט זיין אין וואַרשע זאָלט איר זיין אין מיין געשעפט, וועט איר זען וואָס איך האָב אויפגעטון.

ער האָט געשיינט ווי אַ גוט יינגל, האַלטנדיק אין האַנט איר צעטעלע מיטן אַדרעס. ער האָט זיך ליבלעך איבערגעחזרט איר נאָמען: „ראַשעל שטערן".

— ווען־זשע קומט איר קיין לובלין? — האָט זי אים געפרעגט.

— זייער שנעל, זייער שנעל — האָט ער געענטפערט צובייגנדיק זיך צו איר.

זיי האָבן זיך געזעגנט זייער האַרציק. ער האָט זיך באַהערשט און זיך אָפּ־געהאַלטן פון געבן איר אַ קוש.

ער איז אַרויס פון באַן ביי דער נאָענטסטער סטאַציע. ער איז אַריבער צו אַ צוג, וואָס איז געגאַנגען קיין שעדלעץ. ווען ער איז אָנגעקומען קיין שעדלעץ האָבן שוין געברענט אין די פענצטער שבת־ליכט. עס האָט אים געאַרט, וואָס ער קומט צו די עלטערן אין שבת. עס האָט אים שוין פאַרדראָסן, וואָס ער איז מיט ראַ־שעלן נישט געפאָרן קיין לובלין. ער וואָלט צו טאַטע־מאַמע געפאָרן אויפן צווייטן שבת. עס האָט אים גוט פאַרדראָסן. טאַטע־מאַמע האָבן פאַרשטאַנען, אַז ער האָט פאַרשפּעטיקט אַ פריִערדיקן צוג צוליבן געשעפט. איין זאַך איז זיי נישט געפעלן געוואָרן, וואָס ער איז אַזוי בלאַס און איז שטאַרק נערוועז. — וואָס איז דיר, כיליש? די אָדערלעך אין זיין פּנים האָבן זיך געטרייסלט. מען האָט זיך באַלד צו אים גענומען מיט שידוכים. דער טאַטע האָט אים געזאָגט, ער זאָל נעמען זיין ברודערס מיידל. — דו קענסט דאָך איר! די מאַמע האָט אים צוגערעדט, ער זאָל נעמען איר שוועסטערס מיידל, מרימען. זי איז דאָך, נעבעך, אַ יתומה און שיין איז זי דאָך ווי די זון. כיליש האָט גאָרנישט געוואָלט הערן דערפון; ער איז טאַקע געווען נערוועז, וואָס ער איז מיט ראַשעלן נישט געפאָרן קיין לובלין. ער איז אַרומגע־גאַנגען איבער דער שטוב צעשרויפט, נישט געקענט הערן קיין רייד.

— איך מוז אייך זאָגן דעם אמת, —האָט ער זיי ענדלעך אויסגעזאָגט— איך

בין אַזוי גוט ווי אַ חתן, פון לובלין, איך בין צו זיי פאַרבעטן! איך וועל זיין ביי זיי אין אַן אַכט טעג אָדער אין צוויי וואָכן אַרום.

עס איז געוואָרן אומעטיקלעך. טאַטע־מאַמע האָבן אַנדערש גערעכנט. די מאַמע האָט גערעדט ווי זי וואָלט געווען אויפגערעגט: — הערסט כיליש, דו זאָלסט גאָרנישט צוזאָגן, איידער איך וועל האָבן געזען דאָס מיידל! כיליש האָט איר דאָס צוגעזאָגט מיטן פולן מויל. עס איז געוואָרן אַ ביסל פריילעכער. — מילא, אַ שידוך איז אַ זאַך פון גאָט....

זונטיק ביינאַכט איז כיליש צוריקגעפאָרן קיין וואַרשע און ווי ער איז גע־קומען האָט ער גלייך אָנגעשריבן אַ בריוו צו ראַשעלן קיין לובלין, אַז ער קומט צו איר אויף שבת איבער צוויי וואָכן. ער בעט איר, זי זאָל אים גלייך ענטפערן, אַז עס איז ריכטיק מיטן טערמין. ער האָט געשוועבט אין די הימלען און אַראָפּ־געפאַלן. דאָ שטייט אַ געשעפט און וואַרט אויף אים, ער שטייט אינמיטן פון פּלע־נער ווי אַזוי דאָס געשעפט צו פאַרגרעסערן, זיין שותף הערצקע פּענטשיק האָט אים געמאַכט אַ קאָמפּלימענט, אַז אין וואַרשע זעט ער בעסער אויס ווי אין שעד־לעץ. און דאָ איז אַוועק די גאַנצע וואָך און קיין ענטפער פון ראַשעלן איז נישטאָ. ער האָט געפילט, אַז ער ווערט משוגע. פרייטיק אינדערפרי איז אים צוריקגעקומען זיין בריוו צו ראַשעלן מיט אַ שטעמפּל פון דער פּאָסט, אַז אויף דעם אַדרעס איז נישטאָ קיין מענטש מיטן נאָמען שטערן. ער האָט פאַרגלייכט זיין געשריבענעם אַדרעס מיט ראַשעלס צעטעלע, האָט ער זיך געכאַפּט, אַז ער האָט געשריבן די פינף וואָס זעט אויס ווי אַ דריי, האָט ער ווידער אָנגעשריבן אַ בריוו, דערציילט ראַשעלן די געשיכטע מיטן פר׳ערדיקן בריוו און איצט געווען שטאַרק פאָרזיכטיק, אָנגעשריבן אַ גרויסע פינף. ער איז אַרומגעגאַנגען מיט קאָפּ־ווייטיק און האַרץ־ווייטיק. ער איז גאָרנישט געשלאָפן גאַנצע אַכט טעג. פרייטיק אינדערפרי איז אים צוריקגעקומען זיין צווייטער בריוו צו ראַשעלן מיטן צושריפט, אַז דער אַדרעסאַט איז נישטאָ אויף דעם אַדרעס. ער האָט נישט לאַנג געטראַכט, ער האָט געזאָגט זיין שותף אַז ער מוז שוין אַוועקפאָרן. הערצקע פּענטשיק האָט זיך שטאַרק דערשראָקן:

— וואָס איז געשען, פּאַניע צענצימינער?

— איך האָב נישט קיין צייט. איך בעט אייך...

***

דריי טעג האָט כיליש זיך אַרומגעדרייט איבער די לובלינער גאַסן. ער איז געווען אין דער פּאָליציי, אויף דער פּאָסט. מען האָט אים געשיקט צו דריי־פיר־

פינף „שטערנס״. אין איין אָרט האָט ער געטראָפן אַ זקנה. זי האָט זיך געכאַפּט מיט אים קושן. זי האָט געמיינט, אַז ער איז איר אייניקל פון אַמעריקע. ביי אַ צווייטן „שטערן״ האָט ער געטראָפן אַ שטוב מיט קינדער און יונגע טאַטע־מאַמע. די קינדער האָבן אים געצופּט ביים מאַנטל און טאַטע־מאַמע פון די קינדער האָבן אים געפרעגט און געפרעגט: — ווּעמען זוכט איר? ביי אַ דריטן „שטערן״ האָט ער געטראָפן אַן אָרעמע שטוב מיט אַ געוועלב פאַרנט, אַ געוועלב מיט האָבער און שעצקע פאַר פערד... און דעם דאָזיקן קרעמער האָט ער געפרעגט וועגן ראַ־שעל שטערן. האָט אים יענער אָנגעקוקט און געשאָקלט מיטן קאָפּ און געהויבן מיט די אַקסלען; ער איז געפאַלן פון די פיס פון מידקייט. מאָנטיק אינדערפרי איז ער שוין געווען אין וואַרשע. הערצקע פּענטשיק האָט נישט דערקענט זיין גאָלדענעם שותף. ער האָט אויסגעזען ווי ער וואָלט נאָר־וואָס אַרויס פון טורמע: די האָר צעשויבערט, דאָס פּנים אויסגעשמירט און די אויגן ווי ביי אַ משוגענעם.

הערצקע פּענטשיק האָט אַזוי באַטראַכט זיין גאָלדענעם שותף:

— איר ווייסט וואָס איך וועל אייך זאָגן, פּאַניע צענצימינער —האָט דער שותף, הערצקע פּענטשיק, געזאָגט גאַנץ שטיל,— אַז איך דאַרף אייך נישט. איך ווייס גאָרנישט ווער איר זענט, פּאַניע צענצימינער. איך ווייס נישט...

כיליש האָט גאָרנישט געהערט, וואָס דער מענטש האָט געזאָגט, — ער איז געווען אין גאַנצן צעבראָכן.

# איטשע אברהמטשעס

איטשע אברהמטשעס איז געווען אַ יינגער יונג, — סך־הכל 26 יאָר, אָבער ער האָט אויסגעזען אַ סך עלטער: אַ בייכלדיקער, מיט ברייטע פּלייצעס און אַ לאַנג, פול פּנים, געגאַנגען ברייט, גערעדט צו די מענטשן ברייט און הויך, — איטשע אברהמטשעס! ער האָט אויסגעזען ווי אַ טאַטע פון קינדער און אַ סוחר פון גרויסע געשעפטן. ער האָט זיך נאָר געקאָכט אין קהלשע געשעפטן. קהילה, „גמילות חסד", „לינת הצדק", געקאָכט, געקאָכט, גערוישט, גערודערט צווישן מענטשן — איטשע אברהמטשעס.

גופיש איז איטשע געווען גערעטן אין גאַנצן אין דער מאַמען, וואָס עלטער זי ווערט, —זיין מאַמע,— ווערט אַלץ ברייטער און מיטן קאָכן זיך אין די קהלשע עסקים איז ער אין גאַנצן געווען גערעטן אין זיין טאַטן אין די יינגערע יאָרן; אברהמטשע איז אין די יינגערע יאָרן געווען פּונקט ווי היינט איטשע. אברהמטשע איז שטענדיק געווען אַ דאַרינקער, אָבער אַ בייז באַשעפעניש, מען האָט געציטערט פאַר זיין מויל. אברהמטשע האָט זיך געקאָכט אין אַלע קהלשע ענינים, קיין שום זאַך איז אים נישט געפעלן, ער האָט געשריגן, ער האָט זיך געוואָרפן אויף די שענסטע מענטשן, אַפילו אויף די לאַנגע ווייסע בערד און אַז אברהמטשע איז אין כעס געוואָרן, האָט אויך געברענט זיין געל אונטערגעשווירן בערדל און ס'האָבן בייז זיך צעפינקלט זיינע וואַסערדיקע גרויע אויגן. אָבער אברהמטשע איז געווען אַ באַלעבאָס, געווען אַ בעל־משפחה, געהאַט אַ מויער פון צוויי שטאָק מיט זעקס לאָקאַטאָרן און דערצו אַ ברייט הילצערן הויז, — זיין אייגענע דירה. אָבער זיין איטשע איז דאָך נאָך אַ בחורל, וואָס האָט נאָך נישט קיין כלה און ער האָט דערווייל נאָך נישט אַריינגעטון זיינע הענט אין קאַלטע וואַסער. ער האָט נאָך נישט פאַרדינט קיין אייגענעם גראָשן.

איטשעס טאַטע, אברהמטשע, האָט שוין אויפגעהערט אַרומצורודערן מיט קהל. וואָס עלטער ער ווערט, אַלץ מער איינגעגאַנגען ווערט ער און זיין געל אונ־

טערגעשוירן בערדל ווערט אַלץ ווייסער. און נישט נאָר, וואָס ער קאָכט זיך שוין נישט, שרייט שוין נישט, נאָר ער רעדט שוין אַפילו נישט. ער האָט שוין נישט די אַמאָליקע גבורה און דעם כוח. ער קען שוין אַפילו נישט פאַרליידן מען זאָל צו אים רעדן; ער זעט אויס ווי אַ נעכטיקער, ווי אַן אַמאָליקער — אַ שאָטן פון יענעם אברהמטשען: איינגעגאַנגען, איינגעדאַרט — אַ שטיל הינדל. זיין ווייב צו פאַר־דאַנקען, שרהלען, עסט ער צו דער צייט, לייגט זיך שלאָפן צו דער צייט, שפּאַרט זיך צו בייטאָג צו דער צייט און גייט יעדן טאָג נאָכן מיטיק צו צום גערטל. גייט געלאַסן, זעצט זיך צו אויף אַ ליידיקער באַנק און איז זיך מחיה מיט דער אַליינקייט. אָט קוקט ער, קוקט צו די פאַרבייגייער. באַקאַנטע מענטשן... ער שמייכלט אין זיך פון דאָס און פון דעם. אָט דערמאָנט ער זיך אין זיינע צוויי בנים, אין ראובקעלען מיט קיוועלען. געווען הוליאַקעס, צוויי שפּרינגערס, געצויגן געלט פון אים און פלוצים האָבן זיי אים אָפּגעטון אויף טערקיש און זיי זענען אַוועק קיין אַמעריקע. שרהלע וויינט דערויף. ער וויינט נישט — ער שמייכלט איבער זיין איטשען, וואָס האָט נאָך דערוויל נישט פאַרדינט קיין גראָשן און ווי ער רוישט עס אַרום. די גאַנצע שטאָט אויף זיין קאָפּ. איי, איז דאָס אַ יונג! און אַזוי געלאַסן איז ער זיך אַהיימגעגאַנגען, גענוג געזעסן אין גערטל. ער פּילט שוין די גלאָז טיי, וואָס שרהלע וועט אים אַוועקשטעלן, ווען ער וועט אַריינקומען אין שטוב.

**
*

ביים אברהמטשעס גלעזל טיי פּלעגט שרהלע אַביסל רעדן וועגן די קינדער:

— וואָס וועט זיין און וואָס וועט זיין? מען הערט דאָך גאָרנישט פון ראובנען מיט קיוועלען. און וואָס וועט זיין מיט איטשען? אין דער ערשטער רגע האָט אברהמטשע געשמייכלט: — וואָס אַ מאַמע איז! וואָס אַ מאַמע קען! אָבער דאָ האָט זיך אין אים אויפגעכאַפּט דער אַמאָליקער כעס. אַ רוק־געטון פון זיך די גלאָז טיי און זיך הוסטנדיק צעשריגן: זיי זענען אַלע נישטן, בהמות! און נאָך געקוקט צו שרהלען, טראַכטנדיק, וואָס ער האָט איר נאָך צו זאָגן. — שויך, שויך! — האָט שרהלע געמאַכט מיט דער האַנט, ער מעג שוין בעסער שווייגן!

**
*

איטשע איז נישט געווען קיין בהמה. ער האָט עס געוווּסט, פּונקט ווי זיין טאַטע, אַז אַזאַ יונג ווי ער דאַרף שוין האָבן עפּעס אַ שטעלע, פאַרדינען און טון אַ שידוך. ער האָט דאָס געוווּסט. אָבער איטשע האָט זיך פאַרשוווירן, אַז פריִער מוז ער האָבן די שטעלע און אַ גוטע שטעלע און דערנאָך ערשט טון אַ שידוך.

איטשע איז שוין אַרומגעגאַנגען מיט מיידלעך, גערעדט מיט מיידלעך, אָבער גלייך ווי ער האָט דערשנאַפּט, אַז זיי מיינען אים פּאַר אַ חתן, איז ער באַלד פאַרשוווּנדן געוואָרן. אַ סך פון זיי פירן זיך שוין אַרום מיט זייערע קינדערלעך, ער באַגריסט זיי: „דזשען דאָברי!" און עס טוט אים אַ ווילדע הנאה, וואָס ער האָט זיך נישט געלאָזט אַריינגאַרן... און וועגן שטעלעס, האָט איטשע יעדן טאָג געשיקט פּעק בריוו קיין וואַרשע און יעדן טאָג האָט ער דערהאַלטן פּעק בריוו פון וואַרשע; אָט איז אַן ענטפער, אַז די שטעלע וואָס ער זוכט האָבן זיי נישט דערווייל, אָבער זיי האָפן, אַז אין אַ פּאָר חדשים אַרום, אָדער אַ פּאָר וואָכן וועט עס זיין און דערווייל דאַנקען זיי אים פאַר זיין ווילן מיט זיי מיטצואַרבעטן. אָט זענען עטלעכע בריוו, זיי שרייבן אים, אַז דורך בריוו, ליידער, קען מען אַזאַ וויכטיקן ענין נישט דערליידיקן. זאָל פּאַן פעלטשעק קומען פּערזענלעך! איטשע האָט די אַלע ענטפערס פאָרגעלייענט אויפן קול. זאָלן זיי הערן! שרהלע, די גוטע מאַמע האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ: אַ גאָלדענער יונג. ער טוט אַלץ. גאָט אין הימל... דער טאַטע ווידער האָט זיך געמאַכט נישט־הערענדיק, — ער טרינקט טיי. אין אַ מינוט אַרום האָבן זיינע אַלטע גרויע וואַסערדיקע אויגן זיך בייז צעפּינקלט און אַזוי געקוקט גלייך צו איטשעס נאָז, אַז שרהלע האָט זיך אַזש דערשראָקן, געמאַכט צו אים מיט דער האַנט, עס זאָל שוין זיין גענוג.

***

דער אַלטער אברהמטשע איז נעכטן ביינאַכט געגאַנגען אין בעט אריין אַ קראַנקער און אַ בייזער. עס איז אים עפּעס דורכגעפלויגן, עס האָט אים געטומלט אין קאָפּ ווי אין אַ וויסטן חלום: „איטשע"... „איטשע"... ער האָט נישט געקענט שלאָפן. פאַרטאָגס ערשט איז ער אַריינגעפאַלן אין אַ טיפן שלאָף מיט אַזאַ כראָ־פּען, ווי אַ באַן וואָלט אין אים געלאָפן. ער האָט זיך אויפגעכאַפּט אַ בייזער, אויפּ־געהויבן דעם גרויען קאָפּ מיטן אונטערגעשווירענעם ווייס־געלן בערדל, געקוקט ווי אַ וואַנזיניקער אין שטוב אַריין. אַן אָנגעבלאָזענער, אַ בייזער איז ער צוגע־גאַנגען צום טיש. שרהלע האָט אים געגרייט דעם טיש ווי פאַר אַ קעניג, אָבער ער האָט עס פון זיך אָפּגערוקט. — אברהמטשע, אברהמטשע, וואָס איז? — האָט אים שרהלע געפרעגט. מער האָט נישט געפעלט. ווי געטראָפן אויף אַ געשוויר, דער בייזער גלאַנץ איז אים אויפגעלאָפן אין די אויגן און ער האָט זיך צעשריגן:

— איך וועל באַלד צערייסן אַלע זיינע בריוולעך! אברהמטשע איז אַ פאַרמאַטער־טער אַריינגעגאַנגען אין שלאָף־חדר, ער האָט זיך צופיל אויפגערעגט. ער האָט מיטן היטל זיך אָפּגעבלאָזן. שרהלע, די גוטע מאַמע, האָט זיך צוגעזעצט לעבן

איר קינד. זי האָט צו אים גערעדט אַזוי שטיל ווי אַ פייגעלע: דאַרפסט... דאַרפסט....
עס האָט אויסגעזען ווי זיי זענען איינגעשלאָפן.

**
*

ביים טיי, האָט שרהלע אַזוי גערעדט צו אברהמטשען: וואָס וועט זיין און וואָס וועט זיין? אַזוי ווי עס רעדט אַ מאַמע צום טאַטן פון אירע קינדער. איטשע איז שוין שיינע עטלעכע וואָכן אין וואַרשע און ווער ווייסט צי ער האָט שוין די שטעלע. גאָט דער לעבעדיקער ווייסט. אברהמטשע האָט גאָרנישט געזאָגט. ער טרינקט טיי, ער איז זיך מחיה מיט דער טיי. אָבער ווי שרהלע האָט אַזוי גע־רעדט, אַ קלאַפּ אין דער טיר. שרהלע האָט זיך דערשראָקן: — אָ, ביי דער טיר! זי איז צוגעגאַנגען. יאָ. איטשע איז דאָ. אַ גדולה אַ פרייד, אָבער אין דער רגע האָבן דער מאַמעס הענט זיך אַראָפּגעלאָזט. זי האָט עפּעס דערזען אַ פרעמד מיידל גייט נאָך איטשען. ווי אַ „סגי נהור" האָט שרהלע געקוקט צום מיידל, ווי די אויגן זענען איר פּלוצים קאַליע געוואָרן.אַ הויך, געל מיידל און דין ווי אַ שפּאָן און אירע אויגן קוקן עפּעס מאָדנע. זיי דרייען זיך גאָרנישט. זיין שטייען אויף איין אָרט.

— מיין מיידל, מאַמע! — האָט איטשע געזאָגט.

האָט שרהלע נאָך אַ מאָל אַ קוק געטון אויפן מיידל און זי איז אַריינגעלאָפן אין קיך, זי איז געווען צעחושט, זי האָט נישט געוווסט, וואָס זי האָט צו טון — אברהמטשע וועט דערזען, וועט מען דאַרפן אַנטלויפן! און אברהמטשע ווידער, ווי ער האָט דערזען דאָס מיידל, איז ער אַנטלאָפן פון טיש און שנעל אַריין אין שלאָף־חדר. ער וויל מער נישט זען!... דאָס מיידל איז איצט געזעסן אין אַ פאָטעל און אירע אויגן האָבן געקוקט גלייך צו דער וואַנט קעגנאיבער, צום בילד, נישט אַ האָרעלע רעכטס און נישט אַ האָרעלע לינקס. אַ פאַראומערטע האָט שרהלע זיך אַרומגעדרייט אין קיך.

אברהמטשע האָט אַ שוועב־געטון דורך דער שטוב, פון שלאָף־חדר אין קיך אַריין, האָט ווי אַ שטומער געמרוטשעט צו שרהלען:

— אָ, האַ?

— נו, יאָ — האָט זי אים געגעבן צו פאַרשטיין — ער זאָגט, אַז זי איז זיין מיידל.

— אָ, אָ! — און איז אַן אָפּגעבריטער געלאָפן.

איטשע האָט אים פאַרשטעלט:

— טאַטע, מיין מיידל —האָט ער געוויזן מיט דער האַנט— הענטשע הייסט זי.

— אָ, אָ! — איז אברהמטשע ווייטער געלאָפן און אַריין אין שלאָף־חדר.

— איטשע! — האָט די מאַמע גערופן פון קיך אַרויס.

איטשע איז אַריינגעקומען.

— ווער איז דאָס מיידל? — האָט אים די מאַמע געפרעגט.

— מיין כלה!

— דו קענסט זי גוט?

איטשע האָט געשאָקלט דעם קאָפּ אויף יאָ.

— זי זעט מיר אויס אַ נישט־געזונטע.

— מאַמע —האָט איטשע געשמייכלט— וואָלט איך גענומען אַ קראַנקע כלה? איטשע איז אַריינגעגאַנגען צו זיין כלה.

— אברהמטשע, אברהמטשע! — האָט שרהלע גערופן פון קיך אַרויס. אברהמטשע איז אַריינגעקומען אַ מידער.

— וואָס־זשע זאָגסטו? —האָט אים שרהלע געפרעגט— האָסט איר געזען?

אברהמטשע האָט אַ מאַך־געטון מיט דער האַנט, ווי ער וואָלט געזאָגט: — טו דיר וואָס דו ווילסט! און ער איז שוין נישטאָ. אַריין אין שלאָף־חדר.

— איטשע! איטשע! — האָט די מאַמע גערופן.

איטשע איז אַריינגעקומען.

— און וואָס איז איטשע מיט אַ שטעלע?

איטשע האָט זיך געטון אַ בייזער:

— אַ שטעלע וועט מיר פעלן? שטעלעס פעלן? אַ ליאַדע טאָג, אָבער יענע שטעלע.

— אַזוי!

און איטשע איז אַריינגעגאַנגען צו דער כלה.

— אברהמטשע!

אַ פאַרמאַטערטער איז אברהמטשע אַריינגעקומען. שרהלע האָט אים דער־לאַנגט אַ גאָב: וואָס ביסטו עס פאַר אַ טאַטע? שפּילסט ברוגז מיט דיין קינד? ער קריגט אַ שטעלע אַ ליאַדע טאָג!

שרהלע איז אריינגעקומען אין עס־צימער מיט אַ טישטוך אין האַנט. זי האָט געגרייט צום טיש.

— אברהמטשע, קום צום טיש!

— קינדער, צום טיש!

י. ה. פישמאַן

אברהמטשע האָט געהאַלטן די האַנט איבערן פּנים און ווי אין שפּאַקטיוו געקוקט צום מיידל און געקנייטשט דאָס פּנים און דעם שטערן. שרהלע איז גע־זעסן לעבן דער כלה, אַזוי מאַמיש איר אויסגעפּרעגט וועגן איר משפּחה און זי האָט איר אויך עפּעס דערציילט. אברהמטשע פון קעגנאיבער האָט צוגעשמייכלט צו זיין ווייב. זי איז אים איצט גאָר געפעלן געוואָרן. דאָס הייסט אַ מאַמע! איי איז זי אַ שרהלע! און עס האָט זיך אים געטראַכט: דו זאָגסט אַזוי, זאָל זיין!...

אין שטוב איז געוואָרן ליכטיקער!

# אַבטשע דראָשקאַזש

אַבטשע דראָזשקאַזש איז געווען פון די פאַרשוינען, וואָס ווייסן נישט דעם אונטערשייד פון שבת־יום־טוב און אַ פּראָסטן מיטוואָך. סוכות אָבער האָט ביי אים געהאַט אַ ליכטיק מזל! ער האָט די גאַנצע אַכט טעג יום־טוב נישט געגעסן אין שטוב, — ס'איז דאָ אַ סוכה! ער איז געווען דער ערשטער אין סוכה. לאהקע, זיין ווייב, האָט כסדר געבראַנגט איר מאַן אין סוכה אַריין טיפע שיסלען מיט עסן: פיש, פלייש,מערן־צימעס. מען איז געזעסן צוזאַמענגעדריקט. אַלע זענען געזעסן און אַבטשע האָט דאָ אַרויסגעשיינט. זיין קיילעכדיק שוואַרץ פּנים איז געווען צע־גליט. מען האָט דאָ אויסדערציילט מעשיות, אויסטערלישע מעשיות. מען האָט דערציילט געלאַסן, נישט געאיילט זיך, קיינער יאָגט נישט — עס איז יום־טוב!

יעדער האָט דערציילט אַ מעשה, אַנדערע האָבן איבערגעפרעגט, און אַבטשע האָט געהערט אומגעדולדיק, — זיי רעדן דאָך נאַרישקייטן!

און אָט דערציילט אַבטשע, ער דערציילט פון אַ מלחמה, פון פראָנט, ער איז דאָך געווען אויפן פראָנט אין מזרח־פרייסן, אין סאַמסאָנאָווס אַרמיי. אַבטשעס קליינע שוואַרצע אויגן האָבן געפינטלט מיט באַרימעריי, וואָס ער דערציילט פון פראָנט. ווי אַזוי ער האָט געשאָסן צום שונא, ווי ער האָט זיי געכאַפּט ווי מען כאַפּט פיש אין טייך. ער מיט אַ חברה גוטע יאַטן האָבן פאַרכאַפּט אַ גאַנצע דייטשע דיוויזיע.

— אַזוי!... אַזוי!... — האָבן אַלע געזיפצט פון קנאה.

ווי גענעראַל כאָטימאָוו, אַ גענעראַל מיט אַ לאַנגער ווייסער באָרד, האָט אים צוגעניית צום מונדיר פיר מעדאַלן און צו די שליפעס דריי בענדלעך. און גענע־ראַל כאָמיטאָוו האָט אויסגעשריגן: „אַבטשע לעמאַנעק איז אַ געראָי!".

—אַזוי!... אַזוי!... — האָבן אַלע געזיפצט פון קנאה.

י. ה. פישמאַן

אָט אַזוי האָט אַבטשע געיומטובט די גאַנצע אַכט טעג סוכות מיט פרייד און מיט כבוד. ער וואָלט יעדן טאָג פון אַ גאַנץ יאָר געגעסן אין סוכה.

*
**

אַ גאַנץ יאָר, פון סוכות ביז סוכות, איז אַבטשע געווען נאָר אין כעס. ער איז געווען מיט אַלעמען ברוגז, אַפילו מיט זיינע דראַזשקאַזשעס. יאָ, ווען ער איז אַהיימגעקומען פון דער מלחמה, האָבן זיי זיך מיט אים געפרייט. ער האָט זיי דערציילט, וואָס עס איז געווען אויפן פראָנט, ווי אַזוי ער האָט געקריגן פיר מע־דאַלן און דריי בענדלעך. אָבער ווי לאַנג האָט דען דאָס געדויערט? איצט, אַז זיי הערן פון אים אַ וואָרט „מלחמה״, „פראָנט״ זענען זיי נישטאָ, אַ רוח!... טרעפט אַ שבת, גלוסט אים צו גיין אין שולכל. אָבער מען דערקענט אים גאָרנישט, אַז ער איז אַבטשע, וואָס איז געווען אויף דער מלחמה, אַז ער איז געווען אַ „געראָי״, און דערפאַר האָט ער געקריגן פיר מעדאַלן און דריי בענדלעך, אַ רוח!... טרעפט, אַז ער גייט צו אין גאַס, צום מאַרק, טרעפט באַקאַנטע מענטשן. זיי צעלויפן זיך. זיי ווערן אויסגערונען, אַ רוח!... דער כעס פרעסט אים. די איינציקע האָפענונג, וואָס האַלט אים אויף איז סוכות, — מ׳וועט זיצן אין סוכה...

**
*

דאָס יאָר איז אים, אַבטשען, געוואָרן אויס סוכות! — אויס!

עס איז געגאַנגען גאַנץ שיין. אַבטשע האָט זיך געפרייט ווי מען אַרבעט שוין אַרום דער סוכה, ווי מען לייגט דעם סכך, ווי מען פאַרפעסטיקט אַ טיש, עס זאָל זיך נישט שאָקלען. לאַנגע בענק פאַר אַלע שכנים פון הויף. מען פאַרציט לייוונט איבער די ווענט מיט שפּאַרעס. אַבטשע האָט זיך געפרייט. ווי עס איז צוגעפאַלן דער אָוונט. אין סוכה איז שוין געווען ליכטיק. איז אַבטשע געווען דער ערשטער אין סוכה. זיין ווייב, לאהקע, האָט אים אַריינגעבערענגט אין סוכה טיפע שיסלען מיט עסן און אַ פלאַש בראָנפן. אַבטשע האָט זיך געגרייט, ער האָט דערווייל גע־נומען עטלעכע גלעזלעך בראָנפן. ער האָט זיך גוט צעוואַרעמט. ער האָט זיך צו־געקוקט דערשטוינט ווי עס קומען אַריין אין סוכה ייִדן, וואָס ער קען זיי נישט.

ווער זענען זיי? „סחידים״ (חסידים). הויכע סאַמעטענע היטלען, זיידענע קאַפּאָטעס, גאַרטלען און צעוואָקסענע בערד. זיי זענען אַריין אין סוכה מיט געשריי און טומל: — וואָס־זשע האָט דער רבי געזאָגט? — איך וועל דיר באַלד זאָגן! עס האָט אין אַבטשען געגרימט אַ כעס. עס האָט זיך אים געגלוסט זיי נישט אַריינ־צולאָזן. — וואָס זענען דאָס פאַראַ מענטשן? פון די פאַראַיאָריקע זענען געווען אין

סוכּה נישט מער ווי אַ דריי. זענען זיי געזעסן לעבן אַבטשען און זיי, די „סחידים״ האָבן טומלדיק זיך געשאָקלט און געזונגען ווי עפּעס אַ ווילד געשריי. אַבטשע איז געזעסן ווי אויף אַ הייסער „פּאַטעלניע״, אַ רוח!... האָט אַבטשע זיך צוגעבויגן צו די דריי פּאַראַיאָריקע, אָבער ער האָט נישט געהערט זיין אייגן וואָרט. מיינען זיי, אַבטשע מיט די דריי פּאַראַיאָריקע, אַז די „סחידים״ וועלן באַלד זיין שטיל, אָבער ווי די „סחידים״ זענען געזעסן צוזאַמענגעדריקט, זיי האָבן אַזוי געזונגען און זיך געשאָקלט און נאָכן זינגען האָבן זיי צוזאַמען גערעדט מיט אַזאַ שנעלקייט, ווי זיי וואָלטן געוואָרפן און געכאַפּט: האָט דער רבי געזאָגט! דער רבי וועט קומען! עס האָט אַבטשען אונטערגעהויבן. ער האָט זיך אָנגעצונדן:

— וואָס פאַר אַ מענטשן זענט איר עס. עס זיצן דאָך נאָך ייִדן אין סוכּה,

— האָט איינער פון „זיי״, אַ צעפּלאַמטער חסיד מיט אַן אויסגעשפּיצט געל בערדל זיך צעבייזערט:

— דריי נישט דעם קאָפּ!

און אַ צווייטער:

— ווער איז דאָרט?!

און אַ דריטער:

— שטערט נישט. וואָס איז עס עפּעס אַ שטערן?!

אַ פערטער:

— אַ פּגע־רע. ווער איז עס?!

עס האָט אַבטשען אַ כאַפּ־געטון ביים האַרץ: — ווער איך בין?! — גייטס אַרויס פון סוכּה און שוין! — איז אַבטשע געשטאַנען מיט צעצונדענע אויגן.

— ווער איז עס דער חוצפּהניק?!

— אַרויס! אַרויס! — האָט אַבטשע געשריגן און געמאַכט צו זיי מיט די הענט, געקלאַפּט די הענט איבערן טיש. דער טיש איז געפלויגן אין דער לופט. דער סכך איז אַראָפּגעשפּרונגען. די דרענגלעך זענען געפאַלן איבער די קעפּ.

די חסידים זענען געלאָפן אַרויס מיט די הענט איבער די קעפּ:

— ווער איז עס דער דאָזיקער, — האָבן זיי געשריגן אין דרויסן.

אַבטשע און זיינע דריי האָבן געשפּרייזט איבער דעם באַרג פון סכך מיט ברעטער און טעלערס מיט שיסלען.

— אויס סוכּה! איז שוין דאָס אויך נישטאָ!

# דער יאָרצייט נאָכן זיידן

שוין עטלעכע טעג פריִער האָט ביי דער משפּחה „קאָשעצעס“ געברענט מיט הכנות צום זיידן קלמנס יאָרצייט. זיי האָבן אַריינגעטראָגן אין בית־מדרש אַ קאַסטן מיט גרויסע וועקסענע ליכט, פון יעדן דערוואַקסענעם מענטש אין דער משפּחה אַ ליכט. גאַנצע צוויי נעכט פריִער, האָבן די ווייבער געבאַקן און געקאָכט אין פעטער אביגדורס קיך. אין פעטער אביגדורס שטוב, וועט עס זיין די גרויסע סעודה אין טאָג פון יאָרצייט, וואָס וועט זיך אָנהייבן גלייך נאָכן דאַווענען אין בית־מדרש און זיך ציִען ביז שטאָק נאַכט.

דער פעטער אביגדור איז דאָס לעצטע קינד דעם זיידנס. די עלטערע קינדער דעם זיידנס, —פיר זין און דריי טעכטער— זענען שוין לאַנג נישטאָ אויף דער וועלט. און מען ווייסט דאָך, אַז אביגדור איז געווען ביים זיידן דאָס ליבסטע קינד. דער פעטער אביגדור איז דעריבער דער אויבנאָן ביי דער משפּחה. מען האַלט די אויגן צו אביגדורן און ווי עס רוקט זיך אָן דער יאָרצייט פון זיידן, ווערט מען נאָך נענטער מיטן פעטער אביגדור. אין די דאָזיקע טעג קוקט דער זיידע אַראָפּ פון הימל צו זיין אביגדורן און צו זיינע אייניקלעך און אוראייניקלעך. וואָס מער כבוד פאַר אביגדורן, — מיט אַלץ מער חסד קוקט דער זיידע.

**
*

— ווער איז געווען דער זיידע קלמן? — ער איז געווען אַ „מענטש“ ביי דזשובקע קאָניוך (פערד־הענדלער). ער איז געשטאַנען אין מאַרק מיט דזשובקעס פערד, — אַ שווערע און ביטערע אַרבעט! דער זיידע איז געווען אַ הויכער, אַ דאַרער, מיט אַ טונקל־רויט בערדל און מיט אַ רויטן גאַרטל, געהאַט אַ שטוב מיט אַכט קינדער. אביגדור איז דעמאָלט אַלט געווען 5 יאָר, אַ קינד נאָך. עס איז פּלוצים געוואָרן אַ טומל אין מאַרק, אַז קאַצאַפּעס האָבן נאָר־וואָס געכאַפּט שרה־זלאַטעס ייִנגל. מען גייט אים אַוועקשיקן טיף אין רוסלאַנד, צו דינען מיליטער.

יאָרן און יאָרן. דער זיידע האָט גוט געקענט שרה־זלאַטען. זי איז געווען אין מאַרק אַ זיצערקע מיט אַ קויש געבעקס. דער זיידע האָט אויך געקענט איר ייִנגל, אַ חומש־ייִנגל, מיט געקרײַזלטע פּיאהלעך, וואָס פלעגט יעדן טאָג אַרויסקומען צו דער מאַמען. האָט עס דעם זיידן אָנגעכאַפּט ביים האַרץ. ער האָט איבערגעלאָזט אין מאַרק דזשובקעס פערד און ער איז צוגעלאָפן צום שול־הויף. דער שול־הויף איז געווען פול מיט ייִדן און אַלע שטופּן זיך צום רבס דירה, דער זיידע איז אויך אַרויף צום רבס דירה, — עס איז געפּאַקט! שרה־זלאַטע, דעם ייִנגלס מאַמע חלשט און רײַסט זיך די האָר פון קאָפּ און די מענטשן אַרום שרײַען: — מ׳דאַרף עפּעס טון, אײדער עס ווערט שפּעט! איינער שרײַט העכער פון צווייטן: — מען דאַרף טאָן! אָבער קיינער האָט זיך נישט גערירט פון אָרט. דעם זיידן האָט דאָס שטאַרק פאַרקלעמט און ער האָט אַלעמען איבערגעשריגן: — וואָס שטייט עטס ווי די קעלבער?! לויפט אין גאַס אַרײַן, טוטס אַלץ צו ראַטעווען דאָס ייִדישע קינד! דער זיידע איז אַוועק אַן אויפגעקאָכטער. ער האָט דעם טאָג זיך קיין אָרט נישט געפונען. אין אָוונט איז ער געזעסן אין שענק, גענומען עטלעכע שנאַפּסן, קעגנאיבער אים איז געזעסן זײַן באַקאַנטער סטראַזשניק וואַסילי, האָט ער אים אָנגעגאָסן איינס און נאָך איינס. וואַסילי איז געוואָרן צעקראָכן און רעדעוודיק, ער האָט זיך געקלאַפּט אין האַרץ:

— הערסט, קלמן, אויף מײַן אמונות, ווי מײַן האַרץ טוט מיר ווײ אויפן ייִדישן ייִנגל. ער איז דאָך נאָך אַ קינד. אויף מײַן נאמנות!

דער זיידע האָט ווײַטער געגאָסן פאַר זיך און פאַר וואַסילין. וואַסילי האָט שוין געהאַט פולע אויגן מיט בראָנפן.

— ווו איז דאָס ייִנגל? — האָט דער זיידע געפרעגט אַזוי זיך.

וואַסילי האָט זיך צוגעבויגן צום זיידן:

— ביי כאַטילעוון. דו הערסט קלמן, ביי כאַטילעוון, ביים דאַזיקן הינטישן זון.

— ווו איז איצט כאַטילעוו? — האָט דער זיידע געפרעגט אַזוי זיך.

— סלוזשבאַ!

דער זיידע איז גלײַך אַראָפּ אין כאַטילעווס געסל. כאַטילעווס הייזל איז געשטאַנען צווישן גערטנער; קיין לעבעדיקער מענטש אין געסל. די לבנה איז געווען צו־ליכטיק. דער זיידע האָט געוואַרט ביז די לבנה איז געוואָרן פאַרוואָלקנט. דער זיידע האָט איינס און צוויי אַ הייב־געטון דעם לאָדן, אַרויסגעשניטן אַ שויב, אַן עפן געטון דאָס פענצטער און מיט איין שפּרײַז אַרײַן אינעווייניק, אַ כאַפּ־געטון שרה־זלאַטעס ייִנגל און אַרויס.

כאַטילעווס ווייב האָט זיך אויפגעכאַפּט מיט אַ ריטש, אָבער ווו — נישטאָ!

ס׳זענען אַהער געלאָפן קאַצאַפּעס און סטראַזשניקעס און אויך כאַטילעוו. כאַטי־לעווס ווייב ריטשעט מיט פאַרבראָכענע הענט, אָבער מען קען פון איר גאָרנישט געוווּיר ווערן.

צומאָרגנס איז דער זיידע געוואָרן אַרעסטירט. מען האָט אים געשמידט אין קייטן. דער זיידע האָט געלייקנט שטיין און ביין. ביי דער „ספּראַווע״ אָבער איז ער געווען אַן אַנדער מענטש, ער האָט געשוויגן — קיין וואָרט! דער פּראָקוראָר האָט גערעדט מיט גאַל און געטייטלט מיטן פינגער אויפן זיידן און „עדות״ נאָך „עדות״ קעגן זיידן. סטראַזשניקעס, כאַטילעווס ווייב און אַ פּאָר אַלטע אויסגע־דינטע רוסישע זעלנער, קאַצאַפּעס. זיי האָבן אַלע גערעדט קעגן זיידן. דער זיידע האָט געשוויגן. דער אַלטער „סודיא״ האָט גערעדט, זיך געבעטן ביים זיידן: רעד, עפן דאָס מויל, זיי זיך מודה. דער זיידע האָט אָבער געשוויגן, ווי נישט אים מיינט מען עס. זיינע אויגן האָבן געפינקלט: עס האָט פון זיי אַרויסגעקוקט דער הייליקער סוד. דער „סודיא״ האָט אַרויסגעזאָגט: צוועלף יאָר סיביר! דער זיידע האָט אויסגעזען גליקלעכגילטיק.

די גאַנצע שטאָט ייִדן איז נאָכגעלאָפן דעם קאָנוואָי מיטן זיידן. די באָבע מיט די קינדער זענען געגאַנגען פאָרויס. דער זיידע איז גלייך געגאַנגען צווישן קאָנוואָי, פירנדיק ביים האַנט דעם קליינעם אביגדורן, מ׳האָט עס אים דערלויבט און אביגדורל האָט געוויינט: — טאַטע, לאָז מיך מיטפאָרן!...

אין וואַגאָן איז דער זיידע געשטאַנען אין דער אָפענער טיר און געשמייכלט צום גרויסן עולם ייִדן. די גאַנצע שטאָט ייִדן זענען געווען ביים באַן. מען האָט גע־וואָרפן צום זיידן אין וואַגאָן פּעק מיט כשר עסן, פּעק מיט ספרים, ער זאָל האָבן אין וואָס אַריינצוקוקן... פון אַלע זייטן האָט מען אים אַריינגעגעבן חנוכה־לאָמפּן, שופרות און מגילות, — ער זאָל זיין אַ ייִד אין סיביר... די גאַנצע שטאָט האָט איצט געזען, ווער עס איז דער זיידע, נישט סתם אַ מענטשל ביי דזשובקע פערד־הענדלער, נאָר ער איז אַ צדיק, אַ לאַמעדוואָווניק. דער גאַנצער עולם האָט געשריגן: קלמן! קלמן!... דער צוג האָט גערירט. דאָ האָבן די ברידער דערזען, אַז זייער אביגדורל איז נישטאָ. ער איז דאָך נאָר־וואָס דאָ געשטאַנען, וווּ־זשע איז ער?! זיי דערזען אביגדורלען ווי ער לויפט נאָך דעם צוג. ערשט ביים דריטן וויאָרסט האָבן זיי אים אָנגעיאָגט. ער איז געווען ווילד און אויפגערעגט.

**

נאָכן זיידנס אַוועקגיין קיין סיביר, האָבן זיינע קינדער זיך גענומען צו דער אַרבעט, עס זאָל זיין אַ שטוב, אַ משפחה. אביגדורן האָבן זיי געשיקט אין דער

תלמוד־תורה, ער זאָל עפּעס קענען און זיי האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט. די עלטערע ייִנגלעך און די מיידלעך זענען געווען גלייכע ווי די ביימער, געזונטע, גיבורים, מענטשן מיט „רייפן". זיי האָבן זיך גענומען צו סעדער. אַרבעטן האָבן זיי געקענט, די מיידלעך ווי די ייִנגלעך; זיי האָבן אין גאַס, אויף די ראָגעס, אַוועקגעשטעלט טישן מיט קוישן אויבסט און עס איז געווען פּרנסה. זיי האָבן חתונה געהאַט מיט זיווגים פון דער משפּחה, מיט קינדער פון זיידן קלמנס משפּחה און האָבן געהאַט גרויס מזל צו געבוירן קינדער. יעדעס יאָר האָבן די שוועסטערס און די שוועגערינס געבוירן קינדערלעך, געזונטע קינדערלעך און אַלע פון איין „מאַשטש", איין קאָליר, שוואַרצע ווי ציגיינער.

אביגדור איז געוואָרן אַ גרויסער בחור, הויך און ברייט, אַריין מיט אַלע חו־שים אין דער פּרנסה, אין די סעדער און ער האָט אויך חתונה געהאַט אין דער משפּחה. פייגל איז אַ טאָכטער פון הערצקען דעם עלטער־פעטערס, דעם זיידנס ברודער. דעם זיידנס קינדער זענען זיך מחותנים. אַזוי גייט עס — יחוס מיט יחוס! און יעדער האָט קיין עין-הרע אַ שפּאַר ביסל קינדער. מען האָט פּרי חתונה און עס גייען ווייטער דורות „קאָשעצעס". אַ גרויסע משפּחה, די גרעסטע אין שטאָט. זיי זענען שוין אַ ביסל פאַרריסן מיט זייער יחוס. אַז עס קומט צו אַ „פרעמדע" קויפן אויבסט און עס פּאַלט איר איין צו זאָגן אַ שלעכט וואָרט אויף די עפּל און באַרנעס, קען אַ „קאָשעציכע" געבן אַ שיס־אויס: אויך מיר אַ יחסנטע!...

דער זיידע קלמן לעבט שוין נישט לאַנגע יאָרן. ער איז צו די צוויי יאָר גע־שטאָרבן אין סיביר, געשטאָרבן, אַריינקוקנדיק אין אַ ספר... נישט באַשערט אים געווען צו זען זיין פאַרמעגן, — אַזאַ משפּחה און דער משפּחה איז נישט באַשערט געווען צו זען אַזאַ זיידן. אויך דעם זיידנס עלטערע קינדער זענען שוין נישטאָ אויף דער וועלט. אביגדור איז שוין אויך אַן עלטערער מענטש. אין זיין טונקל־רויטער באָרד איז שוין דאָ אַ היפּש ביסל ווייסקייט, גייט אַרום פאַרטראַכט, ער טראַכט נאָך אַלץ וועגן זיין טאַטן דעם צדיק, אָבער ער איז נאָך אַלץ אַ גלייכער, אַ הויכער — ער איז דער קאָפּ פון דער משפּחה. ער איז אין דער משפּחה געשעצט און געפּעכלט.

בלויז אין וועסטל, ווי אַ סאַדאָווניק, גייט ער זיך יעדן טאָג אין גאַס, פון שטעל צו שטעל, צו די טישן מיט אויבסט.

— אַה, דער פעטער אביגדור. און ער: — וואָס הערט זיך? וואָס מאַכן די קינדער? וואָס איז מיט אַ שידוך? דאַרפסט עפּעס געלט?...

און אַז עס דערנענטערט זיך דעם זיידנס יאָרצייט, ווערט דער פעטער אביג־

דור נאָך נענטער און נאָך טייערער. מען גייט אים נאָך. דער זיידע אין הימל קוקט אַראָפּ, וואָס עס איז מיט זיין קינד און ווי עס פירן זיך אויף די אייניקלעך.

***

זיבן אינדערפרי. עס איז נאָך געווען בלוילעך אינדרויסן. די גאַנצע משפחה „קאָשעצעס" זענען שוין אין בית־מדרש, שבתדיק אָנגעטאָן. די משפחה האָט פאַר־נומען די גאַנצע מזרח־וואַנט. זייערע ווייבער און טעכטער האָבן פאַרנומען די פענצטער אין ווייבערישן בית־מדרש. זיי קוקן צו די פייערן פון די יאָרצייט־ליכט — די פייערן זענען איין פלאַם. עס דאַכט זיך, דאָס בית־מדרש ברענט. דאָ קרעכצט איינער אַרויס מיט אַ שרעק, אַז מ׳זעט אין די פייערן פון די יאָרצייט־ליכט דעם זיידנס געשטאַלט אָנגעברוגזט און דאָ הערט זיך אַ פריילעך לעבעדיק געזאַנג:
— זיסער זיידע! דאָס איז, ווען מען זעט דעם זיידנס געשטאַלט אויסגעלייטערט, מילד...

נאָכן דאַווענען איז די גאַנצע משפחה געגאַנגען צו אביגדורן אין שטוב, צו דער גרויסער סעודה. ווייס־געדעקטע טישן, ברענענדיקע ליכט. אביגדור איז גע־זעסן אויבנאָן. ער האָט דערציילט די גאַנצע מעשה ווי עס איז געווען מיטן זיידן עליו־השלום, ווי עס וואָלט איצט געווען.

מען האָט געשמאַק געגעסן דאָס פלייש פון די טעלער. די ווייבער האָבן קרום געקוקט. זיי האָבן זיך איבערגעוווּנקען, געשאָקלט מיט די קעפּ: קיין טראָפּן דרך־ארץ איז ביי זיי נישטאָ צום זיידן! די ווייבער האָבן פון זיך אַוועקגערוקט די טעלערס מיט פלייש, — ווער קען דען איצט עסן? ווער קען דען איצט אויף דעם קוקן? עס איז דאָך אַ גרויל, וואָס מען הערט פון פעטער אביגדור, וואָס דער זיידע קלמן איז אַלץ דורכגעגאַנגען!

און מיט אַמאָל האָט דאָס אויסגעפּלאַצט: אביגדורס עלטסטע טאָכטער באַ־שעלע, אַ מענטש אַ ריז, אַ בוים, — כאָטש שוין א באבע, האָט דערלאַנגט אַזאַ קוויטש און אַזאַ פאַל אַראָפּ פון דער באַנק מיט אַזאַ קנאַק, אַז אירע שטאַרקע פיס האָבן מיטגעשלעפּט דעם טיש מיט די כלים און עס איז דערפון געוואָרן שערבלעך — אַזוי האָט עס באַשעלען דורכגענומען דאָס וואָס זי האָט געהערט וועגן זיידן.

# אַ שטורעם אויף אַ חתונה

מענדעלע גבאי האָט שבת אין שטיבל אויסגערופן, אַז משה־חיים מאַכט דינסטיק חתונה זיין מיידל. משה־חיים בעט דעם גאַנצן עולם אויף דער חתונה. דאָס איז געווען אַ פאַרשטאַרקונג צו די חתונה־בילעטן, וואָס משה־חיים האָט מיט וואָכן פריִער פאַנאַנדערגעשיקט.

אַ חתונה איז ביים עולם געווען אַ יום־טוב, בפרט אַז דאָס איז ביי משה־חיימען. ער איז געווען אַ מלמד, משה־חיים, און נאָך וואָס פאַר אַ מלמד! אַ למדן גדול, אַ חריף. כמעט דער איינציקער אין שטאָט. די אַלע בחורים אין שטיבל, די גוטע לערנערס זענען זיינע תלמידים. ביי אים האָבן זיי געקריגן דעם שניט ווי צו לערנען אַ בלאַט גמרא. משה־חיים האָט מער תלמידים ווי ער האָט ערטער פאַר זיי און עטלעכע, די פאַרשפּעטיקטע, מוזן שטיין ביי זיין שיעור.

מען האָט זיך געגרייט צו דער חתונה. די בחורים האָבן זיך געגרייט מיט אַריינטראַכטן אין די האַרבע סוגיות אין ש״ס, וואָס דער חתן וועט מעגלעך אַריינ־נעמען אין זיין פּשטל. די עטלעכע גבירים האָבן זיך געגרייט מיט מתנות. דער גאַנצער עולם האָט זיך געגרייט, אָבער דער גרעסטער חידוש איז געווען, וואָס שכנא האָט געזאָגט, אַז ער וועט אויך זיין אויף דער חתונה, — דאָס איז געווען אַ רבותא; שכנא איז געווען אַ גרויסער למדן, אַ גרויסער חסיד און איז געווען אַ שטיקל נגיד. פון דער ירושה פון זיין שווער און איז דערצו געווען אַ מענטש מיט אַ הויכקייט און ברייטקייט און אַ גרויסע־גרויסע ווייסע באָרד. דער גאַנצער אויס־זען — איינער אין שטאָט, אַ פּאַרנעם! און דער שכנא האָט זעלטן געגעבן אַ גוט וואָרט. ער איז שטענדיק געווען אין כעס. ווען אַלע האָבן געזאָגט „יאָ״, האָט ער געזאָגט „ניין״, — אַן אויסטערלישער מענטש. שבת איז ער געקומען אין שטיבל צום דאַווענען פּונקט ווען מען האָט זיך געשטעלט לייענען דאָס „ספר״. יום־טוב איז ער געזעסן אין שטוב, ווען דער עולם איז געווען ביי פּיוטלען אָדער ביי שמעונען, די גבירים פון שטיבל. און דאָס וואָס שכנא האָט געזאָגט, אַז ער וועט

זיין אויף דער חתונה פון משה־חיימס מיידל, האָט מען אויסגעטייטשט נאָר דער־מיט, אַז ער שטעלט משה־חיימען העכער פון גאַנצן עולם צוזאַמען.

***

צום ערשט זענען געקומען די בחורים. זיי זענען געקומען צוגעגרייט מיט חריפישע איינפאַלן, אָבער ווי זיי זענען אַרויף אויף דער שוועל פון דער חתונה איז זיי געוואָרן נישט גוט. — דאָס איז דער חתן? משה־חיימס חתן?! זיי זענען געלאָפן הין און צוריק, זיך נאָכגעפרעגט: ווער איז דער חתן? אַ פּראָסטער חיי־וקים. ער גייט אַפילו אָנגעטאָן ווי אַ פּראָסטער חי־וקים, ווי אַ שוסטער, אַ שניי־דער־יונג. אַ פּראָסטע שוואַרץ־טוכענע קאַפּאָטע מיט אַ פּראָסט טוכן היטל און ס׳דאַכט זיך, אַז ער איז אַ גלוח. עס איז געוואָרן אַ געררודער, מען דאַרף שוין אוועקגיין און וואָס פריער. אָבער געלאָפן זענען זיי נישט. ערשטנס איז עס אַ מצווה משמח צו זיין חתן־כלה. צווייטנס, איז דאָך עס זייער רבינס חתונה. זייער גאַנץ לערנען האָבן זיי צו פאַרדאַנקען נאָר משה־חיימען. אָבער זיי האָבן זיך דאָס נישט געקענט שענקען. זיי האָבן זיך געפילט אָפּגענאַרט און אַזוי אָפּגענאַרט. זיי האָבן געזוכט משה־חיימען, זיי האָבן אים געוואָלט פרעגן: היתכן?! — איז ער געווען אויפגערוימט. — אַפּנים, אַז ער שעמט זיך, משה־חיים.

דערווייל איז אָנגעקומען דער עולם. אויך זיי האָבן זיך דערשראָקן אויפן קוק צום חתן. זיי האָבן זיך אָנגעקוקט איינער מיטן אַנדערן: וואָס הייסט דאָס? אָבער זיי האָבן זיך באַלד אָפּגעקילט. זיי זענען שוין צוגעוווינט צו אַזוינע צרות, האָבן זיי געקרעכצט און געזיפצט און זיפצנדיק געווונטשן: מזל־טוב, משה־חיים!

עס זענען געקומען די גבירים מיט זייערע ווייבער. פּיוועלע האָרן און שיימע רעזניק. פּיוועלע אַ נידעריקער, אַ קיילעכדיקער און אַ געלבלעכער. שיימע ווידער אַ הויכער מיט ברייטע פּלייצעס און אַ שוואַרצער ווי אַ ציגיינער. זייערע ווייבער זענען גלייך אַריין אין אַן אַנדערער שטוב, צו דער כלה. זיי האָבן איר געבראַכט פּעק מיט מתנות. די כלה איז שוין געזעסן אויף איר שטול, אַרומגערינגלט פון מיידלעך מיט פּעכערס און כלי־זמרים האָבן געשפּילט. עס האָט נישט לאַנג גע־דויערט און די צוויי גבירים, פּיוועלע און שיימע זענען אַרומגעגאַנגען מיט מאָד־נע שמייכלען און זיי האָבן געשושקעט אויפן אויער: — ווי געפעלט דיר, אַז משה־חיימס מיידל איז עפּעס אַזאַ יפת־תואר, עפּעס אויסערגעוויינלעך?... — פון וואַנען ווייסטו דאָס? האָט מען געשמייכלט. — מיין ווייב האָט מיר שוין דער־ציילט! בערל פון די פעל האָט געברומט: — וואָס איז מיר דען די נפקא־מינא? הערש־לייב האָט זיך געוואָרפן, וואָס מ׳דרייט אים דעם קאָפּ מיט אַזעלכע זאַכן..

משהל ליך האָט דאָס מיט לאַכעריי פּאַנאַנדערגעטראָגן צווישן די בחורים און ייִדן מיט בערד און זיידענע קאַפּאָטעס. מאירל מינצקער איז אָפּגעשפּרונגען, ער קען נישט הערן און די בחורים האָבן זיך געשאַרט פּאַר דער געעפנטער טיר אַ קוק צו טון צו דער כלה.

און אָט איז שכנא. ער איז אַריין, געלאַסן מיט זיין הויך און ברייטקייט, מיט דער גרויסער ווייסער באָרד און מיט זיין לומדות. ער איז געשטאַנען און געקוקט מיט זיינע גרויסע שאַרפע אויגן, ער האָט זיך געוווּנדערט, וואָס ער זעט נישט דעם חתן און ער האָט מיט דער האַנט צוגערופן משה־חיימען. אַ דערשראָקענער איז צוגעקומען משה־חיים. ער האָט געשפּירט וואָס עס גייט אויף אים.

— ווו איז דער חתן? — האָט אים שכנא געפרעגט.

— ווייסט, שכנא — האָט משה־חיים זיך אונטערגעלאַכט מיט אַ קראַנק געע־לעכטערל — דער וואָס זיצט אויבנאָן איז דער חתן.

— איז ער דיין חתן?! — האָט שכנא אויף אים אויסגעשטעלט זיינע שאַרפע אויגן.

משה־חיימס פּנים האָט זיך געררויטלט פון פאַרשעמטקייט. זיין האַנט האָט זיך אָנגעהאַלטן אָן דער באָרד און שכנא האָט געטון אַ בריל ווי אַ בער:

— וואָס איז דאָס? אַ שניידערישע חתונה?

אַזאַ פאַרפאַר איבער משה־חיימס קאָפּ!

שכנא האָט זיך צוגעזעצט, אָבער נישט אַראָפּגענומען פון זיך דעם מאַנטל. ער האָט געזאָגט. משהל ליך האָט זיך צוגעבויגן צו שכנאן און אים שטיל געזאָגט:

— עס איז אַ ליבע...

— וואָס איז עס?

— אָן אַ שדכן.

שכנא האָט אַזש געטון אַ ציטער.

— משה־חיים!

— וואָס איז עס, אַ חתונה אָן אַ שדכן?!

משה־חיים האָט זיך אויפגעכאַפּט: ס'איז דאָך עק וועלט. ווייסט דער שדכן איז אויף דער חתונה. אָט דער אָ מיט די לאַנגע פּיאות און מיטן ליולקעלע. ער איז דער שדכן.

— די מינוט — האָט שכנא געקלאַפּט אין טיש — די מינוט זאָלסטו דעם חתן אָנטאָן אַ שטריימל און אַ זיידענע קאַפּאָטע. די מינוט!

משה־חיים האָט זיך געטרייסלט:

— שכנא, דאָס איז נישט בידי; דאָס קען איך נישט טון.

## י. ה. פישמאַן

שכנא האָט זיך אויפגעשטעלט, מיט אַ קוק צום עולם:
— איך גיי!

ווי יונגע לייבן האָבן די בחורים זיך אַ וואָרף־געטון קעגן דעם אַלטן און גרויסן שכנאַן: מ׳טאָר נישט אַזוי! מ׳טאָר נישט אַזוי! עס איז אַ שמחה. איר וועט נישט גיין! אַלע בחורים האָבן געשריגן: מיר וועלן נישט גיין! שכנא איז געבליבן זיצן אַ פאַרשפילטער. דעם עולם האָט פאַרדראָסן אויף שכנאַן. אַזאַ מעשה! ער ביט זיך אויס! וואָס טוט זיך מיט אים? וואָס איז ער אַזוינס? וואָס וויל ער?

די חתונה איז ווייטער געגאַנגען. די כלי־זמרים האָבן ביי די מענער אויפגעשפילט פאַרן באַדעקנס. עס וועט באַלד זיין די חופה. די בחורים האָבן זיך כסדר געשאַרט פאַר דער אָפּגעשפּארטער טיר אַ קוק צו טון אויף דער כלה. עס האָט אויסגעזען ווי פליגן אַרום אַ הייס גלעזל אויף אַ ברענענדיקער לאָמפּ. היין און צוריק, היין און צוריק — נאָך אַ קוק! נאָך אַ קוק! שאַ, שטיל, אַז קיינער זאָל נישט באַמערקן...

# אין איין טאָג

נתן־דוד, דער תבואה־סוחר און שבעלע זיין ווייב, זענען שוין געווען זיידע־באָבע, וואָס אַן אמת, זייער יונגע זיידע־באָבע; זיי האָבן געהאַט פון זייערע זין, פון מלכן און פון שלמהלען צוויי יונגיטשקע אייניקלעך, קינדער ביי דער ברוסט. זייער יונגסטע, טעמטשע, די שענסטע און די גרעסטע לאַכערקע אין דער משפחה האָט פאַר צוויי וואָכן חתונה געהאַט. די מחותנים פון ביידע צדדים און דער עולם געסט האָבן געטאַנצט ביזן גרויסן טאָג. און פון דעם אַלעם גוטן, האָט דאָס אַלטע פּאַרפּאַלק זיך מיישב געווען, אַוועק צום רב און זיך אָפּגעגט. — אויס!

אַזאַ סענסאַציע איז אין שטאָט נאָך נישט געווען. טייל האָבן געלאַכט ווי פון אַן אויסטערלישער קאָמעדיע. אַנדערע ווידער זענען געווען פשוט אין טרויער, ווי אין אבלות. עס איז זיי געווען אַ בושה, וואָס זייערס אַ ייִד, אַ שיינער בעל־בית, זאָל אַזוינס טאָן. פע! אַז מען האָט אַזוי לאַנג געלעבט צוזאַמען, האָט מען שוין געקענט דערציִען ביזן סוף... די ווייבער, שבעלעס שכנטעס און פון איר משפחה, האָבן געשאָטן מיט קללות אויף דעם נתן־דודס קאָפּ, ווייל — וואָס האָט אים דען געפעלט ביי שבעלען?...

***

— וואָס איז טאַקע געווען? זיי האָבן זיך תמיד אַרומגעקריגט, — דאָס אינגאַנצן. די שבעלע האָט עס יעדן טאָג געהאַט צו איר מאַן אַ פּאַק מיט טענות און אַ זכרון האָט זי געהאַט זייער אַ שאַרפן. האָט זי מיט יעדן טאָג געהאַט אַלץ אַ גרעסערן פּאַק מיט טענות, ווייל פון היינט, פון פאַראַכטאָגן, פון חדשים און יאָרן צוריק. איינהאַלטן דאָס אין זיך האָט שבעלע נישט געקענט. נתן־דוד ווידער, איז אַזוי געווען אַ גוטער מענטש און אַ גוטער מאַן, דאָך האָט ער אָבער בשום אופן נישט געקענט איר פאַרשווייגן, ער האָט זיך צעשריגן אויף זיין שטאַרקער שטימע:
— שיי־ווע־לע, וואָס ווילסטו?! ער האָט דאָס געמאַכט אַזוי הויך און רעשיק,

אַז דער גאַנצער הויף שכנים האָבן געקוקט אין די פענצטער, צו נתן־דודס פענצ־טער, ווי דער ייִד דאָרט באַהאַנדלט עס זיין ווייב. שבעלעס קול האָבן זיי נישט געהערט. איר קול איז געווען נידעריק און שוואַך. שטיל, גאָר שטיל האָט שבעלע געשאָטן איר געדערדעכץ אויף איר מאַנס קאָפּ.

פאַר שבעלען האָבן אַלע שכנים געהאַט אַ גוט וואָרט: אַ שטילע טויב, אַ ציכטיקע, אַ שיינע, אַ גלאַט קלאָר פּנים; נתן־דוד איז געווען קעגן איר אַ צלאָפּ, אַן אָפּגעלאָזענער, מיט אַ צעשויבערטער באָרד און אַזאַ שרייער, — אַ שטיק בייזקייט. אַזוי איז געגאַנגען יאָר נאָך יאָר. שבעלע האָט געבוירן דריי קינדער: צוויי ייִנגלעך און איין מיידל, — געראָטענע קינדער. צו נייַן חדשים האָבן זיי אָנגעהויבן גיין, צו צוויי יאָר האָבן זיי גערעדט ווי מענטשן און זענען געוואַקסן ווי אויף הייוון. די קינדער האָבן צווישן זיך אַזוי געשפּילט, אַז זיי האָבן נישט געהערט, אַז טאַטע־מאַמע קריגן זיך. זיי זענען געוואָרן גרעסער, די ייִנגלעך זענען געקומען פון חדר און טעמטשע פון שקאָלע, זענען זיי געשטאַנען איבער טאַטע־מאַמע, זיי זאָלן זיין רויִק. עס איז נישט שיין! מען קוקט פון די פענצטער. מלך, דער בכור, האָט אַכטונג געגעבן אויף דער מאַמען, זי זאָל נישט עפענען דאָס מויל. שלמהלע האָט אַכטונג געבן אויפן טאַטן און טעמטשע האָט געלאַכט פון זייביידע, — פון טאַטן און פון דער מאַמען. די קינדער האָבן זיך געיאָגט צו ווערן גרויס און געשמועסט צווישן זיך ווי גרויסע. מלך איז אויסגעוואַקסן דער העכסטער פון זיי. ער האָט אונטערגעשפּאַרט דעם סופיט — אַגאַנצער סטאַטעק! אַ מענטש מיט ישוב־הדעת! ער האָט זיך אַריינגעקראָגן אין דער גמילת־חסדים קאַסע און ער פירט דאָרט די ביכער. דער אַלטער שלום, דער פּרעזעס, האָט געהאַלטן אַ וועלט פון מלכן. אַז ער פרעגט אים עפּעס, גייט ער נישט זוכן אין די ביכער, נאָר ער זאָגט עס אים גלייך פון אויסנווייניק. שלמהלע איז אַריין אַרבעטן צו בועז זייגערמאַכער. נאָכגעמאַכט זיין מייסטער מיט זיין געלאַסנקייט און רויִקייט. עס האָט אים נאָר געפעלט דאָס ציגן־בערדל פון בועזן. ער איז געווען אַ גאַנצער פילאָסאָף, האָט גערעדט, אַז דער זייגער איז די גרעסטע חכמה אויף דער וועלט. טעמטשע איז ווידער געוואָרן אַ לערערקע. געטאַנצט און געזונגען מיט קליינע קינדער. די קינדער האָבן זיך פאַר איר געפּיעשטשעט. שבעלעס קינדער האָבן איינגעזען, אַז זיי קענען זיך נישט פאַרלאָזן אויף טאַטע־מאַמע, האָבן זיי אַליין זיך אויסגעזוכט שידוכים און האָבן שנעל חתונה געהאַט. עס איז געגאַנגען איינער נאָכן אַנדערן. טאַטע־מאַמע זענען געקומען צו גרייטע חתונות; נתן־דוד האָט זיך נישט געקאַרגט אַ גלעזל בראָנפן און ער האָט אַ פריילעכער געפּאָפּקעט די גאַנצע

נאַכט, שבעלע האָט זיך געדרייט זייטיק, ווי אַ ברוגזע און אירע ליפּן האָבן נאָר געשעפּטשעט.

עס איז געווען אַ ביטערע שעה. נאָך טעמטשעס חתונה איז די שטוב געװאָרן אַ פּוסטקע. עס האָט זיך עפּעס געהערט אַן אָכץ, ווי פון אַ „נישט־גוטן״. שבעלע האָט איצט געהערט אירע און נתן־דודס טריט ווי מען וואָלט געגאַנגען אויף בלעכן. שבעלע האָט געפילט, אַז זי ווערט קראַנק. נתן־דוד איז איר געווען צו־גרויס אין די אויגן — זיי זענען נישטאָ, דאַרף ער אויך נישט זיין! טרערן האָבן זיך געגאָסן פון אירע אויגן און זי האָט גערעדט, שטיל גערעדט: — מזל... מיין מזל... ביטער מזל... האָב איך געזאָגט אַזוי, האָט ער געזאָגט פאַרקערט!... נתן־דוד האָט געפּלאַצט. ער איז אַרויס אַזוי געוואַלדיק: שיי־ווע־לע, וואָס ווילסטו?! האָט זי זיך העכער פאַנאַנדערגעווײנט: דו זאָלסט אויך נישט זיין! איך באַשטיי! איך באַשטיי! — האָט ער געשריגן.

שבעלע האָט זיך אָנגעטאָן, אויסגעווישט די טרערן פון די אויגן.

— שוין. געגאַנגען.

— יאָ, געגאַנגען!

און זיי זענעןביידע אַרויס פון שטוב.

*
**

דער רב איז גאָרנישט געווען שולדיק. שבעלע האָט עס געיאָגט דעם רב, אַז ער האָט נישט וואָס צו רעדן. איך בין נישט געקומען נאָך עצות. דער גאַנצער מאַנספאַרשוין, נתן־דוד, דער תבואה־סוחר, איז געשטאַנען ווי אַ תם, געהאַלטן אין איין קראַצן דעם קאָפּ מיטן היטל, ווי עס וואָלט אים געביסן. דער רב האָט געפרעגט: וואָס איז געשען? גטן זיך?! ווייסט איר כאָטש וואָס עס הייסט גט? ווײ צו מיר! שבעלע איז געווען ווי אַ שטורעמווינט. נתן־דוד האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ. האָט דער רב זיי אָפּגעגט.

שבעלע האָט געכאַפּט דאָס זיידענע טיכעלע אויפן קאָפּ און איז אַוועק אַהיים. נתן־דוד האָט באַלד אין גאַס נישט געוווסט ווו צו גיין, רעכטס צי לינקס?... צו־גרויס איז אים געווען די בושה, און דאָ שטיין קען ער אויך נישט; צו קינדער — אוודאי נישט. מלך האָט געקראָגן די בשורה אין „קאָסע״. ער האָט אין פלוג געמיינט, אַז עס איז אַ שפּאַס, אַ בייז חכמהלע. פונדעסטוועגן איז ער אַראָפּ, פייל פון בויגן. מענטשן האָבן אים פאַרהאַלטן:

— איז דאָס אמת?

— לאָזט מיך צו־רו!

ער איז דורכגעלאָפן דעם הויף ווי אַ ווינער. דאָס האַרץ האָט אים שווער געקלאַפּט. ער האָט אַ ריס־געטון די טיר. די מאַמע האָט געקלאָגט אויפן קול. טייכן טרערן האָבן געפּלייצט פון אירע אויגן. ער האָט מיט אַ טיכל אויסגעווישט דער מאַמעס אויגן.

— זאָג מיר נאָר, וואָס איז געשען?

האָט זי זיך הייסער פאַנאַנדערגעוויינט:

— איך בין נישט שולדיק. ווען ער וואָלט נישט געגאַנגען, וואָלט גאָרנישט געווען. ווען ער וואָלט געזאָגט ניין, וואָלט געווען ניין; האָט ער אָבער געשריגן: געגאַנגען, געגאַנגען!

— און ווו איז דער טאַטע?

— דאַכט זיך מיר, אַז ביי הערשל גלעזער. הערשלס יינגל איז דאָ געווען. ער האָט צוגענומען פאַרן טאַטן דעם טלית און תפילין און אַ העמד.

— איך קום באַלד צוריק.

מלך האָט גענומען אַ דראָזשקע, געהייסן אויפשטעלן די בויד. ער איז גע־פאָרן און פאַרנומען אין דער דראָזשקע זיין ווייב און שלמהלען מיט זיין ווייב און טעמטשען מיט איר מאַן. ער האָט איצט גענומען נאָך אַ דראָזקשע. ער מיט שלמהלען זענען געפאָרן זען דעם טאַטן און די איבעריקע זענען געפאָרן אַהיים צו דער מאַמען, איר מחיה זיין. זיי האָבן געטראָפן דעם טאַטן ביי הערשל גלעזער. דער טאַטע האָט זיי אויסגעזען אַ געענדערטער מענטש. שטאַרק פאַרעלטערט, ווי אַ „דזשאַד", אַ בעטלעריש פּנים. נתן־דוד האָט זיך גלייך פאַרענטפערט פאַר די קינדער:

— איך בין נישט שולדיק. זי האָט געזאָגט: שוין! געגאַנגען! בין איך גע־גאַנגען. דער רב איז אויך נישט שולדיק. זי האָט עס געיאָגט דעם רב!...

— קום, קום טאַטע!

— וווהין?

— אַהיים!

— זי וועט מיך דען אַריינלאָזן?

— איך גיי דאָך פון דער היים.

נתן־דוד האָט זיך אַ ביסל פאַרפּוצט. זיין פּנים האָט אַ ביסל אויפגעשיינט. אַזוי ווי זיי זענען אַריין אין שטוב, האָט שבעלע זיך אויפגעשטעלט. זי האָט געלויכטן.

מלך איז געווען דער קאָמאַנדיר:

— איך קום באַלד צוריק.

— האָסט שוין היינט געגעסן? — האָט שבעלע געפרעגט נתן־דודן.
— וועסט באַלד קומען, מלך? — האָט די מאַמע געפרעגט.
— יאָ, באַלד!

שלמהלע האָט געראיכערט אײן פּאַפּיראָסל נאָכן צווייטן; ער האָט היינט זיך מער אָנגעשטרענגט ווי ביי בועז זייגערמאַכער אין אַ חודש, אין צוויי חדשים. דער קאָפּ האָט אים וויי־געטון.

מלך איז געקומען מיט אַ ייִד, אַ קאַלט פּנים און תמעוואַטע אויגן, וואָס ווייסט נישט, נאָך וואָס ער איז געקומען. מלך האָט אַ ווונק־געטון צו זיינע צוויי מאַנס־לייט, צו שלמהן און צו מאָטלען. זיי האָבן אויסגעשפּרייט אַ טישטוך איבער אַלע־מענס קעפּ. מלך האָט שנעל אַרונטערגעפירט אונטער דער חופּה דעם טאַטן מיט דער מאַמען. דער ייִד האָט זיך איצט דערוווּסט, וואָס ער דאַרף טון, אַז ער דאַרף מסדר קידושין זיין... האָט ער עס געמאַכט קורץ און שאַרף. נתן־דוד האָט זייער ערנסט געזאָגט צו שבעלען דעם „הרי את". שבעלע האָט אַ פאַרליבטע געקוקט צו איר מאַן און דער עולם האָט געווינטשעוועט: מזל־טוב. די משפּחה האָט גע־מיטלעך פאַרברענגט ביז שפּעט אין אָוונט ביים יום־טובדיקן טיש מיט כל־טוב, פון מאכלים און משקה. נתן־דוד האָט דערציילט פריילעכע מעשיות פון פּריצים און ייִדן תבואה־סוחרים. שבעלע האָט מיט אַ חנדל דערציילט וועגן אירע זיידע־באָבע ע״ה, ווי זיי האָבן געלעבט, ווי זיי האָבן אויפגענומען די אייניקלעך שבת. אַלע האָבן גערעדט, אַלע האָבן דערציילט פריילעכע זאַכן און טעמטשעלע האָט געלאַכט, שיין געלאַכט צוליב די אַלע שיינע מעשיות און מען האָט אַזוי געמיטלעך פאַרברענגט ביז שפּעט אין אָוונט...

# גענענדעלע

ביילע־רבקהס יתומה, גענענדעלע, האָט ביטער געיאָמערט: מיין מאַמע, מיין מאַמע! עס איז איר געווען אַ ווייטיק פאַר איר מאַמען. זי ליגט אין דער ערד און דער טאַטע האָט זיך אויסגעפּוצט ווי אַ חתן און איז אַוועקגעפאָרן זיך ברענגען אַ ווייב.

איין טאָג נאָך די שלושים, נאָך ביילע־רבקהס פּלוצימדיקן טויט, איז ישראלכל אַוועקגעפאָרן חתונה האָבן — אַזאַ מעשה, אַ שרעק ווי אַזאַ זאַך וואָלט איצט געווען דאָס ערשטע מאָל אין דער וועלט. דאָס יאָמערן פון גענענדעלען האָט אויפגערודערט די הערצער פון נאָענטע און פון ווייטע. זי איז געווען אַ גאַנץ שיין כלה־מיידל און ווי די מאַמע אירע, ביילע־רבקה עליה־השלום, האָט עס פאַר איר געזוכט אַ חתן, ער זאָל זיין שיין און קלוג און אָרנטלעך. זי האָט געקליבן ווי אַ מאַמע, וואָס דער טאַטע איז „אויך מיר אַ טאַטע"... איז געקומען די שוואַרצע שעה און ביילע־רבקה, אַזאַ געזונטקייט, איז געפאַלן ווי אַן אונ־טערגעשניטענער בוים! — אַזוי האָט די גאַנצע שטאָט גערעדט.

באַלד ווי ישראלכל איז אַן אויסגעפּוצטער אַרויס פון שטוב איז אויך גע־נענדעלע אַוועק, איז אַריבער צו מעכלען, איר איינציקן ברודער. זי האָט מורא געהאַט צו זיין אין שטוב. עס האָט זיך איר אויסגעדאַכט, די מאַמע קוקט צו איר פון אַלע ווינקעלעך און זי וויל נישט זיין דערביי, ווען ער וועט קומען מיט „איר" און מעכל איז דאָך אַ ברודער און שפרהלע איז דאָך אַ שוועגערין, — וואָס זאָגן זיי? ווועלן זיי דאָס צולאָזן?

ביי מעכלען אין שטוב איז געווען ערגער ווי תשעה־באב. דעם טאַטנס אויפ־פירן זיך אַלע יאָרן מיט דער מאַמען, ווען ער האָט נישט אַריינגעטון די האַנט אין קאַלטן וואַסער, געלאָזט דער מאַמען אַרבעטן. זי האָט זיי, די קינדער איינע אַליין אויפגעצאָוועט בכבוד גדול. זי האָט אים חתונה געמאַכט און דער טאַטע איז געשטאַנען פון דער ווייטנס, אַרומגעדרייט זיך איבער די גאַסן דעם גאַנצן

טאָג און אַהיימגעקומען צום עסן, — די מאַמע איז דאָך געווען אַ צדיקות, וואָס זי האָט אים אַריבערגעלאָזט די שוועל. דער מענטש האָט נישט קיין בושה פאַר זיך אַליין, מיט זיין פאָרן איצט חתונה האָבן! היינט 5 וואָכן האָט די מאַמע גע־לעבט. געווען געזונט ווי אַ נוס. ווער האָט זיך דען עפּעס געריכט אויף אַזאַ אומגליק? וואָלט די מאַמע איצט געלעבט, וואָלט גענענדעלע שוין געווען אַ כלה. די מאַמע האָט שוין געהאַלטן ביים טון אַ גוטן שידוך מיט גענענדעלען און מען וואָלט זיך געגרייט צו דער חתונה.

גענענדעלע האָט געיאָמערט: מיין מאַמע, מיין מאַמע! וואָס טוט מען? וואָס זאָל מען טון?

— מ׳דאַרף אויפרודערן די גאַנצע שטאָט! — האָט זיך שפרהלע געקאָכט. די גאַנצע שטאָט איז קעגן טאַטן! וואָס איז? איז טאַקע הפקר?

— מ׳וועט עס נישט דערלאָזן! — האָט מיכל געזאָגט — זאָלן זיי זיך פאָרן ווו זיי ווילן. זאָלן זיי זיין ווו זיי ווילן, אָבער נאָר נישט אין דער מאַמעס שטוב.

גענענדעלע האָט נישט געקענט רעדן. זי האָט אַלץ געהערט. זי האָט געזען ווי דעם ברודערס קינדער, אברהמעלע און שיינדעלע שטייען אַזוי אומעטיק און קוקן אויף איר צעווייטיקט. זי האָט זיי טרויעריק געקושט.

אָפּגערעדט האָט מען: אַז די קינדער, אברהמעלע און שיינדעלע זאָלן עט־לעכע טעג שטיין אויף דער וואַך, ווען עס קומען אָן די בעלי־עגלות. דאָס איז פון ניין און צען אינדערפרי און ווען זיי וועלן דערזען „זיי״ פאָרן, זאָל זיי גלייך געבן צו וויסן, ועט מען שוין טון וואָס מען דאַרף.

— יאָ, אברהמעלע און שיינדעלע, וועט איר אַזוי טון?

אברהמעלע האָט זיך אין דעם גאָר אָנגעכאַפּט. ער איז שוין אַ יינגל פון אַכט יאָר, ער פאַרשטייט דעם גאַנצן ענין, ער פילט מיט גענענדעלען. ער וועט אַזוי טון. איך וויס, איך וויס! — האָט ער צוגעוווּנקען מיט די בלויע אייגעלעך. שיינדעלע האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ, אַז זי וועט אויך אַזוי טון. זי איז דאָך עפּעס אַ מיידעלע פון זיבן יאָר. מיר וועלן שטיין הינטערן הויז און מיר וועלן אַזוי קוקן צו דער גאַס און ווי מען וועט „זיי״ דערזען, וועלן מיר אַ קלאַפּ טון אין פענצטער...

***

עס איז געווען אַ שיינער וואַרעמער טאָג. אברהמעלע און שיינדעלע זענען געשטאַנען אויף דער וואַך הינטערן הויז. שיינדעלע האָט געקוקט אין איין זייט און אברהמעלע אין דער אַנדערער, אָבער איידער זיי האָבן דערזען זייער שלעכטן

זיידן מיט דער נייער באַבען, האָט זי בערקע קצב געגעבן אַ גרוס פון זייער זיידן: קינדערלעך, אייער זיידע פאָרט אין אַ וואָגן! און ווען ער איז שוין געווען ווייטער פון זיי, האָט בערקע גערעדט צו זיך אַליין און געכאַכעט: — ער פאָרט נישט אַליין. ער פאָרט מיט אַ ווייב! ביידע קינדער האָבן זיך אָנגעקוקט בלאָס און דערשראָקן און ווען זיי האָבן דאָס געהערט, האָבן זיי ביידע געגעבן אַ קלאַפּ אין פענצטער. מעכל מיט שפּרהלען און גענענדעלע זענען אַרויס פון שטוב און זיך געלאָזט צו דער מאַמעס הויז, — זיי וועלן זיי נישט אַריינלאָזן! שכנים זענען זיך צונויפגעלאָפן. פון די געסלעך איז מען געלאָפן. מעכל, שפּרהלע און גענענדעלע זענען מיט פאַרביסענע ליפּן געשטאַנען ביי דער שוועל פון דער מאַמעס שטוב, — פון דער מאַמעס האַרעוואַניע. דער אַנגעלויף איז געווען אויפגערעגט אויף ישראלכלען, גרייט געווען אים און זיין ווייב אָנצוכאַפּן ביי די קעלנער און „פּאַ־שאַל" פון וואַנען זיי זענען געקומען.

און אָט איז אין געסל אַריינגעפאָרן דער וואָגן מיט פאָרפאָלק. ישראלכל האָט געשיינט מיט זיין פריש אָפּגעוואַשן פּנים. לעבן פאָרפאָלק איז געזעסן אַ בחור מיט אַ גאַנץ שיין בלייך פּנים, ענלעך צו ישראלכלס ווייב. ביילע־רבקהס יתומים האָבן געליאַרעמט: — ניין, ניין, איר וועט דאָ נישט אַריינגיין! דער אָנגעלויף האָט מיטגעשריגן. פּלוצים איז געגענדעלע ווי געוואָרן שטום, מעכל און שפּרהלע האָבן געשריגן, געמאַכט קולות און געגענדעלע האָט געשוויגן. מען האָט איר אָנגעקוקט: — וואָס איז מיט דיר געשען? זי האָט „זיי" דורכגעלאָזט. איר פּנים האָט זיך געלייטערט. זי האָט דעם טאַטנס ווייב און איר זון געוויזן די שטוב. זי האָט דערביי געמאַכט אַ מינע, ווי זי וואָלט צוגעגעבן: — איך מיין, עס געפעלט אייך!... דעם טאַטנס ווייב און איר זון האָבן געקוקט צו איר מיט אַ חנדל פון פריינטלעכקייט.

מעכל און שפּרהלע זענען אַנטלאָפן צו זיך אַ היים מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן.

— ביסט עפּעס אַ מבין, מעכל?

— און אפשר יאָ, אפשר יאָ... — האָט מעכל געענטפערט.

דער עולם איז זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען, הייבנדיק די פּלייצעס מיט די אַקס־לען. זיי האָבן גאָרנישט פאַרשטאַנען.

# זייער גוט

מיט אַכט טעג פֿריִער האָט יונה־ברוך גערעדט מיט פֿייגעלען, זיין טאָכטער, און מיט טוביהן, — זיין איידעם: „איך מיין, אַז דער מיטינג דאַרף נישט פֿאַר־קומען פֿאַר אונדזער טיר און דער רעדנער דאַרף נישט קומען שבת. עס איז דאָך דאָבזשין. ער קען קומען פֿרייטיק". פֿייגעלע און אַזוי טוביה האָבן הויך געלאַכט: „און וואָס איז? און וואָס איז?". פֿייגעלעס טאַטע האָט געהאַט עגמת־נפֿש און ביי די קינדער איז עס געווען אַ געלעכטער.

יונה־ברוך איז נישט געווען אַזאַ פֿרומער, אָבער פֿאָרט אַ בית־מדרש־ייִד. עס האָט יונה־ברוכן גאָרנישט געאַרט, וואָס פֿייגעלע און טוביה זענען בונדיסטן. ער האָט דער טאָכטער מיטן איידעם ליב געהאַט אהבת־נפֿש און זייער קליין גאָלדעלע, וואָס איז איצט ביי צוויי יאָר — איז געווען זיין קרוין. יונה־ברוך איז געווען ביי זיך זיכער, אַז אַזעלכע קינדער ווי זיינע האָט נישט קיינער אין דאָב־זשין. ער האָט זיך עס גאָרנישט פֿאַרגעשטעלט, ווי ער וואָלט געקענט לעבן אין שטוב איינער אַליין אָן פֿייגעלען, אָן טוביהן און אָן גאָלדעלען. דאָס גרעסטע פֿאַרגעניגן איז ביי אים געווען דעם גאַנצן טאָג זיך ארומצופֿירן מיט גאָלדעלען און דאָס קינד זאָל מיט די הענטלעך אין זיין באָרד פּלאָנטערן און פּלאָנטערן. אָבער פֿונדעסטוועגן האָט זיך יונה־ברוכן זייער נישט געוואָלט, אַז די שטאָט זאָל האָבן מיט אים צו טון צוליב דער בונדישקייט פֿון זיינע קינדער. עס איז דאָך דאָבזשין. וואָס דאָ וועט זיך אָפּטון, אויב דער מיטינג וועט פֿאָרקומען פֿאַר זיין פֿענצטער און דער רעדנער וועט זיך קומען צופֿאָרן אום שבת און מיט דער בריטשקע פֿאַרפֿאָרן צו זיין טיר. עס איז דאָך דאָבזשין. ער וועט דאַרפֿן אַנטלויפֿן פֿון שטאָט.

יונה־ברוך האָט צו זיינע קינדער וועגן דעם נישט גערעדט אַזוי שאַרף, גאָרנישט שאַרף. ער האָט זיי געבעטן, זיי זאָלן דאָס פֿאַרשטיין. טוביה האָט דעם שווער געגעבן צו פֿאַרשטיין, אַז דער מיטינג מוז דאָ פֿאָרקומען. „מיר זענען אין

בעסטן ווינקל פון שטאָט. אויב אַביסל ווייטער אין גאַס, וועט דער מיטינג קיין מיטינג נישט זיין. די מענטשן וועלן דאָרט דעם רעדנער נישט הערן צוליבן טומל פון די פורן און וועגענער. דער עולם וועט זיך פאַנאַנדערגיין. דאָס בעסטע אָרט איז דאָ פאַרן הויז". יונה־ברוך האָט דאָס גוט פאַרשטאַנען. ער איז שוין באַשטאַנען. און טוביה האָט אים גלייך צוגעזאָגט, אַז וועגן רעדנער וועט ער שרייבן אַ בריוו קיין וואַרשע, — דאָס איז דער שווער יאָ גערעכט". און טוביה האָט זיך גלייך אַוועקגעזעצט צום טיש און אין שווערס אויגן אָנגעשריבן דעם בריוו קיין וואַרשע, אַז דער רעדנער זאָל קומען פרייטיק. „דאָס איז שוין דערליידיקט", וואָרום פאַרוואָס זאָל ער נישט קומען פרייטיק?". יונה־ברוך איז געווען צופרידן, וואָס טוביה האָט דאָס פאַרשטאַנען און ער האָט דאָס גלייך דערליידיקט. אָבער דאָס האַרץ איז אים נאָך אַלץ נישט געווען רויִק. ער האָט מורא געהאַט פאַרן גערודער אין שטאָט צוליבן מיטינג פאַר זיין פענצטער און דער רעדנער וועט איינשטיין אין זיין הויז און ווער וייסט צי דער רעדנער וועט נישט קומען אום שבת? יונה־ברוך האָט געהאַט אַ שלעכטע מראה. די ברייטע גלע באָרד איז עפּעס געוואָרן שמעלער, איינגעקנוילט. גערעדט האָט ער גאָרנישט, נאָר דאָס האַרץ האָט זיך געגעסן.

**
*

פרייטיק האָט יונה־ברוך זיך אַרומגעדרייט ווי אַ נעבעכטיקער. ער איז געווען אומרויִק. ער האָט כסדר געקוקט צום זייגער און צום פענצטער. ער האָט אויסגעקוקט דעם רעדנער. עס איז נאָך געווען צייט צו דער צווייטער באַן און אין שטוב האָט ער נישט געקענט זיין, איז ער אַ ביסל אַרויס אין גאַס. פרייטיק איז אים גלאַט גוט צו זיין אין גאַס און זיך צוקוקן צו דער מחיה אין מאַרק און אין די געוועלבלעך. ער האָט דערשפּירט אין האַרץ אַ שטאָך. ער האָט דערזעען אין זילקעס פענצטער פון דער רעסטאָראַציע אַ ריזיקן געמאָלטן פּאַפּיר, אַזעלכע גרויסע רויטע און שוואַרצע אותיות, אַז שבת, 4 בייטאָג, וועט זיין אַ בונדישער מיטינג ביים ראָג פון פּאָדזשעטשנער געסל. „דאָס איז דאָך ביי מיין פענצטער. וועט זיך טון, וועט זיך טון! צי וואָס אַזעלכע גרויסע אותיות און נאָך רויט?", ער האָט געהאַט דאָס געפיל, אַז טוביה האָט עס אים געטון צו־להכעיס. ער איז אַהיימגעגאַנגען אַן אָנגעכמורעטער.

עס איז געווען 5 מינוט צום אָנקומען פון די בריטשקעס פון באַן. יונה־ברוך האָט זיך אַרומגעדרייט אַ צעררודערטער און פייגעלע איז איצט געווען גאָר לעבעדיק מיטן קאָכן די שבתדיקע מאכלים. עס וועט דאָך זיין אַ גאַסט אויך.

— ער איז נישט געקומען! — האָט יונה־ברוך געטון אַ טיפן קרעכץ. פייגעלע, דו זעסט? ער איז נישט געקומען.

עס האָט אויך פייגעלען פאַרדראָסן, וואָס חבר דניאל איז היינט נישט געקומען.

— אָבער טאַטע, עס איז פאַרפאַלן, באַרויִק זיך, טאַטע. פון יעדער זאַך נעמסטו זיך צום האַרצן.

עס איז גרינג צו זאָגן. יונה־ברוך איז איצט נישט געגאַנגען אין בית־מדרש אַריין צום דאַוונען. אַ זעלטענער פאַל ביי יונה־ברוכן. ער האָט געדאַוונט איינער אַליין אין שטוב, אין אַ ווינקל. דער קליינער גאָלדעלען האָט עס אויסגעזען ווי דער זיידע איז טרויעריק, האָט זי אים געריסן ביי דער פּאָלע, ער זאָל זיך אויס־דרייען צו איר.

טוביה איז אַהיימגעקומען אַ צערודערטער, וואָס חבר דניאל איז נישט גע־קומען. עס האָט אים זייער פאַרדראָסן. „איך האָב זיי געבעטן, האָבן זיי עס מיר געדאַרפט צוליב טון". האָט יונה־ברוך אים געטרייסט: „עס איז דאָך איצט פאַר־פאַלן, וואָס־זשע טויגן די רייד?".

די גאַנצע נאַכט האָט יונה־ברוך געבעטן גאָט אַז דער רעדנער זאָל מאָרגן אויך נישט קומען... עס קען דאָך זיין. „זאָל ער נישט קומען".

דער טאָג האָט זיך געוויזן זעלטן־שיין. אַ בלויער הימל, אָן אַ פלעק. עס האָט געשמעקט מאַי. די פאַנאַנדערגעאַקערטע פעלדער האָבן אַריינגעקוקט אין דאָבזשין. ייִדן זענען געגאַנגען צום דאַוונען. געגאַנגען פון אַלע געסלעך. יונה־ברוך איז נישט געגאַנגען. ער האָט אַליין געדאַוונט אין שטוב, אין אַ ווינקל און געהאַט אַ תפילה אין האַרץ: דער רעדנער זאָל נישט קומען. און אָט איז אין גאַס פאַר די פענצטער אַ פריילעכער געלויף פון ייִנגע חברה. טוביה האָט גלייך געטראָפן: „חבר דניאל איז געקומען!". יונה־ברוך האָט אַ צאַפּל־געטון. רעדלעך חסידישע ייִדן זענען געשטאַנען אין גאַס און געקוקט אויף בייזע וווּנדער ווי אַ ייִד איז געקומען צופאָרן אום שבת. „מ׳דאַרף אים געבן שלום־עליכם", — האָבן זיי זיך געחכמעט; „מ׳דאַרף אים זאָגן „גוט־שבת"...

די טיר איז געוווען אָפן. פייגעלע איז, מיט גאָלדעלען אויפן האַנט, געשטאַ־נען אויף דער שוועל. עס האָט זיך אַריינגעשאָטן אַ גרויסע חברה, ייִנגלעך און מיידלעך, מיטן חבר דניאל אין דער מיט. עס איז אין איין סעקונדע דאָ געוואָרן שטורמיש פריילעך.

דער חבר דניאל — אַ הויכער, מיט אַ גוטן שמייכל, האָט זיך גלייך משער־געווען, אַז דער מיט דער באָרד, איז טוביהס פאָטער, אָדער שווער, האָט ער אים

אָפּגעגעבן כבוד מיטן ערשטן שלום־עליכם. זיי האָבן בײדע זיך אַזוי געדריקט די הענט, ווי זיי וואָלטן זיך שוין געקענט זייט יאָרן. אין איין מינוט האָט יונה־ברוכס פּנים זיך געענדערט. אַ פרייליך פּנים, ווי אַ פּנים, וואָס איז שטענדיק פרייליך.

יונה־ברוך האָט אָנגעגאָסן בראָנפן אין גלעזלעך: „מ'וועט טרונקען לחיים!".

— לחיים, חבר דניאל — האָט יונה־ברוך האַרציק געשמייכלט.

דער עולם האָט געלאַכט.

— חברה —האָט יונה־ברוך אַ זאָג־געטון צום עולם— איר זענט דאָ אַ היימישע חברה, גיסט זיך אַליין אָן.

יונה־ברוך האָט בגילופינדיק פאַרלייגט זיין האַנט איבער דניאלס פּלייצע:

— „איך האָב עפּעס מיט אייך צו רעדן, אָבער אונטער פיר אויגן"...

— אַזוי גאָר?! נו!...

יונה־ברוך האָט אַרײַנגעפירט דעם גאַסט אין חדר־מיוחד.

— די זאַך איז אַזוי —האָט יונה־ברוך געזאָגט דעם חבר דניאל— עס איז דאָך דאָבזשין. אַ קליינע שטאָט און אַ פרומע שטאָט. דאָס וואָס איר וועט רעדן, שטעל איך זיך פאַר, וועל איך דערויף מסכים זיין, נאָר איך בעט אייך נישט צו דערמאָנען דעם קאַרל מאַרקס. דאָס איז ביי זיי אַ טריפהנער נאָמען. איז דען נישט בעסער, אַז איר זאָלט דערמאָנען די נביאים? איר האָט געלערנט תנך? איז דאָך גוט. די נביאים זענען גרעסערע סאָציאַליסטן ווי קאַרל מאַרקס. ישעיהס פּסוק: „עניים והאביונים דורשים מים ואין", אָדער „והיה באחרית הימים", איז נישט מער סאָציאַליסטיש ווי דער גאַנצער קאַרל מאַרקס? עס וועט פאַר אייך זיין בעסער און עס וועט פאַר דעם עולם אויך זיין בעסער. עס איז דאָך דאָבזשין.

דניאל האָט געשמייכלט:

— איך וועל טון דאָס בעסטע.

— זייער גוט. קומט אַריין צום טיש.

חברה האָט געקוקט אויף זיי ווי אויף אַ רעטעניש: „וואָס אַזוינס האָבן זיי גערעדט?".

יונה־ברוך האָט איצט דאָס ערשטע מאָל אין אַכט טעג פאַנאַנדערגעקעמט זיך די באָרד מיט די פינגער. אַ שיינע, פריילעכע באָרד.

**
*

פיר אַ זייגער בייטאָג, אַזוי ווי עס איז געווען געשריבן אין פענצטער פון זילקעס רעסטאָראַציע, איז מען מען שוין געקומען צום מיטינג. מען איז געגאַנ־

גען און געגאַנגען. אַרבעטער און בית מדרש־־יידן און חסידים. אַלע ווילן הערן דעם רעדנער פון וואַרשע. עס איז געוואָרן ענגלעך פאַר יונה־ברוכס פענצטער. געווען אויסגעמישט, געפּאַקט, קאַפּעליושן און שוואַרצע טוכענע היטלען און ווּעליסאָפעד־היטעלעך און סאַמעטענע היטלען; לאַנגע בערד און קורץ־געשוירענע בערדלעך און געגאָלטע פּנימער. אַלע זענען געווען מיט די אויגן צום רעדנער.

חבר דניאל האָט צום ערשט גערעדט גאַנץ שטיל, אָבער ער האָט זיך באַלד צעוואָרעמט. זיין רעדע איז געוואָרן זייער האַרציק. דער עולם האָט נישט אַראָפּ־געלאָזט פון אים די אויגן. ער האָט זיי אויסגעמאָלט אַ וועלט. ער האָט געשטאָכן מיט אַ פינגער אין דער לופט, ווי ער וואָלט דערמיט זיי געוויזן די וועלט פון אָרעמע און רייכע. אַ קליין גרופּקעלע רייכע און די רעשט אַ גאַנצע וועלט פול מיט אָרעמע. ווי עס לעבן די רייכע און ווי עס לעבן די אָרעמע. דער עולם איז געווען צוזאַמענגעפּרעסט און מיטגעשוווּמען מיטן רעדנער איבער דער גאַנצער וועלט.

יונה־ברוך איז די גאַנצע צייט געשטאַנען אין אַ זייט, אָנגעשפּאַרט אין אַ בוים און דאָס פּנים איז אים געווען פאַרוואָלקנט, פאַרפינצטערט. דער רעדנער האָט אים אָפּגענאַרט. ער דערמאָנט נישט די נביאים. ער האָט זיך אויפגעכאַפּט פון זיין צער, ווען ער האָט דערהערט פון אַלע זייטן: „ריכטיק, ריכטיק!״. אַלע שרייען: „ריכטיק!״, די מיט די קאַפּעליושן און די מיט סאַמעטענע היטלען. אַלע פּאַטשן מיט די הענט. יונה־ברוך האָט אויפגעטויכט. ער איז אויפגעגאַנגען. ער האָט געשטראַלט. זיין פּנים האָט ברייט געשמייכלט. ער האָט זיך אַרומגעכאַפּט מיטן חבר דניאל: „איך שרייב זיך אונטער מיטביידע הענט אויף דעם וואָס איר האָט געזאָגט!״; „פּערל!״...

שפּעטער איז יונה־ברוך געגאַנגען איבער דאָבזשין מיט אַ פריי פּנים, לעבעדיק און פריילעך.

# אַ פּאַטש פאַר אַ וואָרט

אַן אויסטערל׳ישע מעשה האָט פּאַסירט אין ראַפּטשעווע. בלימעלע, ישעיה נעביכס מיידל (דער ישעיה פון דער ציסטערנע), אַ קיילעכדיקע און אַ קליינע, אַ שוואַרצע און אַ שטילינקע, אַז אַלץ וואָס זי זאָגט איז אַ סוד, האָט אין אַ שיינעם זומער־טאָג אַרומגעשפּאַצירט מיט איר חתן אויף דער פּלאַטפאָרם ביי דער באַן. איר חתן איז געווען ניסקע, לייזער פּלימטשיקס זון (לייזער פּלימטשיק פון די פאַרטיקע מענער־מלבושים). ניסקע איז געווען אַ העכערער פון זיין כלה און ער איז געווען אַ העלער אין פּנים און ער איז געווען גאָר־גאָר באַרעדעוודיק. האָבן זיי ביידע שפּאַצי׳רט ביי דער באַן. ער האָט גערעדט און זי האָט געהערט. ביי דער באַן צו שפּאַצירן איז געווען אַ פאַרגעניגן ביי דער ראַפּטשעווער יוגנט. עס איז יעדע האַלבע שעה אָנגעלאָפן אַ באַן מיט נייע מענטשן, נייע פּנימער, נייע אויגן. עס האָט געהייסן: מ׳באַקענט זיך מיט די נייע מענטשן דורך אַ שמייכל, דורך אַ פראַגע און אַן ענטפער. אויף דער פּלאַטפאָרם זענען פּונקט געווען זייער אַ סך מענטשן, מייסטנס פרעמדע, אָבער אויך ראַפּטשעווער. עס איז געווען זייער פריילעך און דאָ האָט זיך דערהערט אַ שטאַרקער קלאַפּ, ווי אַ הויז וואָלט איינ־געפאַלן. דער עולם האָט אויפגעצאַפּלט. מ׳האָט נישט געוווּסט וואָס און פון וואַנען. מ׳האָט געקוקט אויף אַלע זייטן. עטלעכע האָבן געזאָגט, אַז זיי האָבן געזען א יינג פאָרפאָלק אַנטלויפן. אָבער אין שטאָט האָט מען גלייך געוווּסט, אַז בלימעלע, ישעיה נעביכס מיידל האָט ביים באַן געפּאַטשט איר חתן, לייזער פּלימטשיקס זון, ניסקען. עס האָט דערמיט גערוישט. דאָס איז געווען דער ערשטער פאַל אין ראַפּ־טשעווע, אַז אַ כלה זאָל פּאַטשן איר חתן און בפרט נאָך צווישן אַזוי פיל מענטשן און בפרט, אַז דאָס איז די קליינע בלימעלע, די שטילינקע, וואָס קען נישט רעדן קיין הויך וואָרט. ראַפּטשעווע איז געווען אַ בכבודיקע שטאָט מיט אַן אָנזען אין גאַנץ מדינת פּוילן, איז עס זיי געווען אַ חרפּה און אַ בושה. די בחורים אין ראַפּ־טשעווע האָבן געהאַט איצט אַן אַרבעט אויף חוזק־צו־מאַכן פון בלימעלעס חתן,

פון דעם צעפּאַטשטן ניסקען. „ער דאַרף זיך באַגראָבן פון חרפּה". סתם לצים אין שטאָט האָבן חוזק געמאַכט אויך פון ניסקעס טאַטן, לייזער פלימטשיק, דעם חכם און גרויסן בריה, וואָס האָט אַזאַ זון, אַזאַ בהמה, וואָס האָט געכאַפּט פּעטש פון אַ מיידל.

גלייך פון באַן, באַלד נאָכן פּאַטש, איז בלימעלע געלאָפן מיט אַ געוויין צו טאַטע-מאַמע. טאַטע-מאַמע איז דאָס בלוט געוואָרן געגליווערט:

— וואָס איז, בלימעלע?! וואָס איז דיר געשען?

— ער האָט מיר געזאָגט אַ מיאוס וואָרט, — האָט זי יאָמערלעך געוויינט.

— ווער? ניסקע?

בלימעלע האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ, אַז יאָ.

— פאַר וואָס, בלימעלע? וואָס פאַר אַ וואָרט?

דאָס וואָרט האָט זי נישט געזאָגט, ווייל עס איז זייער מיאוס, אָבער זי האָט דערציילט, אַז דערפאַר האָט זי אים געגעבן אַ פּאַטש. קאַלט איז געוואָרן אין שטוב. בלימעלעס מאַמע איז געוואָרן בלאַס. ישעיה נעביך, בלימעלעס טאַטע, איז געווען טויט-דערשראָקן. ער איז געשטאַנען אין אַ ווינקל שטיל, ווי ער וואָלט געשלאָפן. ער האָט קיינמאָל קיינעם נישט געפּאַטשט, נישט אויפגעהויבן די האַנט, נישט גע־רעדט קיין הויך וואָרט. ער איז איצט געווען אינגאַנצן צעבראָכן. ער האָט גאָרנישט געקענט רעדן. ער איז געוואָרן נידעריקער און דינער. בלימעלעס חתן, ניסקע, איז נישט אַהיימגעלאָפן מיט אַ געוויין. ער איז דאָך עפּעס לייזער פלימטשיקס זונדל. לייזערס אַ זונדל וויינט נישט. ער איז אָבער אַהיימגעלאָפן מיט חרפּה און ווייטיק, אַז עס האָט אים געשטיקט צו וויינען. אַזוי ווי ער איז אַריין אין שטוב, האָבן טאַטע-מאַמע אין אים דערזעען, אַז ער איז נישט מיט אַלעמען: דאָס היטל פאַרדרייט, דאָס פּנים ווי פאַרוויינט און די רעכטע באַק האָט געפייערט.

— ניסקע!? — האָבן ביידע גלייך אויסגעשריִען, דער טאַטע און די מאַמע:

— וואָס איז געשען?!

דער יונג איז געווען מיטן קאָפּ אַראָפּ און ער האָט עפּעס געבעבעט, אַז בלימעלע האָט אים פאַרשעמט ביי דער באַן, צווישן אַזוי פיל מענטשן. דער יונג איז שיעור נישט אומגעפאַלן.

— זי? פאַרשעמט? וואָס אַזוינס?!

— זי האָט מיר געגעבן אַ פּאַטש.

— אַ פּאַטש?! זי, בלימעלע?! פאַרוואָס?!

דער מאַמען איז אַדורך אַ שוידער איבערן לייב. דער טאַטע, לייזער פלימ־טשיק האָט געברויזט פון כעס. ער האָט געשריִען: „גיי די מינוט אַריין צו ראָב־

זשיקן, ער זאָל דער מויד אָנגעבן אין סאַנד, אָבער שוין!". „זי וועט קריגן אַ חודש". „זיכער אַ חודש". זיין ווייב האָט אים אָנגעקוקט:

— דערפאַר קריגט מען אַ חודש?

— און אַז צוויי וואָכן! — האָט ער געשריִען.

— און צוויי וואָכן יאָ? — האָט די מאַמע געצווייפלט.

— איז אַ וואָך, אַ טאָג, אַ שעה — האָט ער איצט געשריִען אויף זיין ווייב, וואָס זי פרעגט אַזוי פיל. — זי מוז זיצן!

ער האָט זיך געקאָכט, פונקט ווי ער וואָלט געקריגן דעם פּאַטש, פונקט ווי זיין באַק וואָלט אים געברענט. ער האָט זיך געקאָכט אין גאַס: „מיר וועלן איר ווייזן, ישעיה נעביכס מויד. זי וועט זיצן אין „קאָזע". זיכער ווי דער טאָג. מען וועט איר אַהינפירן מיט פּאַראַד".

*****

ניסקע האָט דערהאַלטן אַ קליין בריוועלע פון זיין מחותן. ער שרייבט אים, אַז עס איז צו אים דערגאַנגען, אַז ער, ניסקע, האָט אָנגעגעבן בלימעלען אין סאַנד. ער בעט אים דעריבער, ער זאָל זיין אַזוי גוט צו אים אריבערקומען. „מיר זענען נאָך אַלץ אייגענע מענטשן, דאַרפן מיר זיך דורכרעדן". ניסקע איז געוואָרן צע־טומלט פון מחותנס בריוועלע. עפּעס דאָס בריוועלע האָט אים שוואַך געמאַכט אין די כוחות, ווי דאָס בריוועלע וואָלט געווען געשריבן פון בלימעלען, נאָר מיט אַ פאַרשטעלט פּנים.

— וואָס וויל ער, וואָס שרייבט ער? — האָבן זיינע טאַטע־מאַמע געהאַלטן דאָס בריוול.

— זאָלסט נישט דערוועגן צו גיין! — האָט דער פאָטער געזאָגט.

— פאַר וואָס זאָל ער נישט גיין? — האָט די מאַמע עס נישט פאַרשטאַנען.

— זאָל די מויד צוערשט קומען אַהער, אונדז איבערבעטן, און דעמאָלט וועלן מיר ערשט אָפּלאָזן דעם שידוך! — דאָס האָט געשריִען לייזער פלימטשיק.

ניסקע איז געווען צעטומלט.

אין אָוונט איז ער אַרויס פון הויז. ער איז צוגעגאַנגען צום מחותן. ער איז אויך נישט דערפאַר, מ׳זאָל גיין אין געריכט. אין ראַפּטשעווע אין געריכט איז פונקט ווי מ׳זאָל זאָגן: אַ געריכט אין בית־מדרש. „מ׳קען עס מאַכן פאַר צוויי־דריי מענטשן און גענוג". ער פאַרשטייט באמת נישט, פאַרוואָס דער טאַטע האָט זיך אַזוי איינגעשפּאַרט אָנצוגעבן בלימעלען אין געריכט און ער וואָלט זיך נאָך געפרייט, ווען מ׳פירט בלימעלען אין תפיסה.

ער איז געגאַנגען אין מחותנס קאַנטאָר. דאָס איז געווען מיט דער הינטער־טיר. עס איז דאָ געווען האַלב־טונקל. עס האָט געברענט בלויז דער טישלאָמפּ. זיי האָבן ביידע געשמייכלט ווי פאַרשלאָפענע. דער מחותן האָט געזוכט ווערטער ווי אָנצוהייבן דעם שמועס. ער האָט אָנגעהויבן און זיך אָפּגעשטעלט. ער האָט פריִער יעדעס וואָרט קאָנטראָלירט.

— די זאַך איז אַזוי... מ׳דאַרף פאַרשטיין... וואָס ס׳איז געווען קען מען נישט צוריקכאַפּן... פאַרפאַלן. אָבער צו וואָס אַ סאָנד? וואָס וועט עס דיר געבן? בלימעלע איז איצט אין שטוב, ליגט זי אויפן בעט אַ פאַרצאָגטע. מער פעלט איר נישט ווי אַ סאָנד.

ניסקע איז געווען גערירט.

עס האָט זיך געהערט ווי די טיר האָט זיך אָפּגעשפּאַרט. ניסקע האָט אַ ציטער געטון. ס׳האָט זיך אים געדאַכט, אַז בלימעלע איז אַריינגעקומען. ער האָט זיך אויסגעדרייט. עס איז געווען דאָס דינסטמיידל. זי האָט געברענגט טיי פאַרן באַלעבאָס און פאַרן גאַסט.

— איך רעכן אויך אַזוי —האָט ניסקע געזאָגט אין אַן איידעלן טאָן— אַז גיין אין געריכט האָט נישט קיין זין. גאַנץ ראַפּטשעווע וועט זיך געפינען אין געריכט. עס וועט פאַר זיי זיין אַ סצענע. איך קלער, מ׳זאָל די זאַך פאַרברענגען פאַר מענטשן, אַ צוויי־דריי מענטשן. מ׳וועט זיך אויסטענהן. איך וועל טענהן. בלימעלע וועט טענהן. די מענטשן וועלן עפּעס פּסקענען און עס וועט בלייבן שאַ און שטיל.

— און מיט צוויי־דריי מענטשן איז שוין יאָ גוט? —האָט דער מחותן גע־פרעגט— עס איז אויך נישט גוט. אין אונדזער ראַפּטשעווע, אַז איינער רעדט צו זיך אַליין, ווייסט באַלד די גאַנצע שטאָט. אַזוי איז עס. צוויי־דריי מענטשן...

— וואָס־זשע מיינט איר, מחותן, —האָט ניסקע זיך אויפגערעגט— אַז די גאַנצע זאַך זאָל ווערן פאַרשמירט? דאָס קען נישט זיין. בלימעלע האָט נישט נאָר מיך באַליידיקט און אַזוי באַליידיקט, נאָר אויך מיין טאַטן, מיין מאַמען, אונדזער גאַנצע משפּחה. ווען איר וואָלט געווען דערביי, וואָס מיין טאַטע האָט אויף מיר געשריִען, איך זאָל אינגאַנצן נישט גיין צו אייך. ער וויל נאָר אַ סאָנד.

— אויב אַזוי —האָט דער מחותן זיך אָנגערופן— בלייבט, אַז נישט קיין סאָנד, נאָר אַ צוויי־דריי היימישע מענטשן.

דער מחותן האָט געגעבן אַ שווערן זיפץ.

— איז גוט. קום דאָ אַריין אין אַ פּאָר טעג אַרום. וועסטו שוין האָבן גע־

רעדט מיט אַ מענטש, דיינער אַ מענטש און איך וועל שוין האָבן גערעדט מיט מיינס אַ מענטש. און די צוויי וועלן שאַפן אַ דריטן.

זיי האָבן זיך ביידע געזעגנט. ניסקע איז געווען אויפגערעגט און דער מחותן האָט שטאַרק געזיפצט.

אַרויסגעגאַנגען פון קאַנטאָר, איז ניסקע נישט מיט דער הינטער־טיר. ער האָט זיך פאַרגעסן. ער איז אַריין אין מחותנס דירה. עס איז דאָ געווען זייער שטיל. ער האָט אין דעם געפילט אַ ווייטיקדיקע שטילקייט. ער האָט דאָ ווי גע־בלאָנדזשעט. געגאַנגען רעכטס, געגאַנגען לינקס. ער האָט געשמייכלט ווי ער געדענקט שוין נישט די טיר. און דאָ האָט אים עפּעס אָנגעכאַפּט אַ שטאַרקער ווילן, וואָס האָט אים צוריקגעשטויסן. ער איז אויף די שפּיץ־בעגל צוגעגאַנגען צו איר שלאָף־צימער. ער האָט זייער לייכט געגעבן אַ קלעפּעלע: „בלי—מע—לע?". בלי־מעלע איז אַרויסגעקומען. זי האָט צאַרט אים געזאָגט: „קום אַריין"...

און זיי האָבן זיך גאָרנישט געשעמט, זיי זענען אַרויס אין גאַס, געשפּאַצירט, האַנט ביי האַנט, זיך גאָרנישט געשעמט...

# צוויי חכמות

מ׳האָט איר גערופן פאַרצויגן „מינ־דע־לע״, אָבער נישט ווייל מ׳האָט זי אַזוי ליב געהאַט. חלילה, פונקט פאַרקערט, ווייל מ׳האָט זי אַזוי פיינט געהאַט. אין דעם „מינ־דע־לע״, ווי די פּאָקשיצער האָבן אַרויסגעזאָגט, זענען געווען אַלע טעמים פון גאַל, שפּאָט און קרענקעניש.

אויסערלעך איז מינדעלע געווען אַן איינגייעניש. קליין און דאַר. אַ שפּיציק גאָמבעלע. איר קעפּל אויסגעקרומט. אַ פאַרזויערט פּנים און אירע פּיצעלעך איי־געלעך האָבן געבלינקלט אַהין און צוריק און צו דעם אַלעמען איז זי געווען אַן אלמנה, מיטן קאָליר פון אַן אלמנה. פּאָקשיצע האָט פאַרמאָגט גאָר אַ סך ווייבער, וואָס זענען געווען גרויסע שיינקייטן קעגן מינדעלען, וואָס זענען, ברוך־השם, נישט געווען קיין אלמנות און, זייערע מענער זענען געווען גאַנץ קלוגע און רי־רעווודיקע, ווי קוועקזילבער, איינרייסערס פון פּרנסה, האָבן זיי אָבער דאָך נישט געטויגט. זיי האָבן קיין פּרנסה נישט געהאַט און די דאָזיקע קליינע מינדעלע מיטן אויסגעקרומטן קעפּל און די פּיצעלעך אייגעלעך האָט געהאַט אַ געשעפט, אַזאַ געוועלב, וואָס האָט געבליאַסקעט איבער גאַנץ פּאָקשיצע. דאָס געוועלב איז געווען געפּאַקט מיט סחורה. תמיד איז דאָרט געווען אַ שטופעניש פון פּאַניענקעס פון די דערפער און אַפילו פון די פּריצישע הייף. אָט די דאָזיקע מינדעלע מיט דער הילף פון איר כלה־מיידל, מאַשעלע, האָט זיי אויסגעפּוצט מיט נייע ווייסע בלוזקעס און קאַפּעליושן און נייע פּאַראַסאָלקעס און האַנט־בייטלען. און מ׳האָט „געזשאָבט״ און מ׳האָט „געזשאָבט״.

די פּאָקשיצער מענטשן, האָבן פון קרענקונג, וואָס מינדעלע האָט פון זיי אויסגעכאַפּט דאָס מזל, איר באַרעדט און איר טעכטערל באַרעדט, מיט אַלץ וואָס אין דער קאָרט. אַז זיי ביידע, דאָס מאַמעלע מיטן טעכטערל, זענען צוויי כישוף־מאַכערקעס; זיי טוען־אָפּ כישוף די שיקסעס, פאַרבלענדן זיי די אויגן, נעמען פון זיי צו דאָס געלט און שלייערן זיי איין מיט אַביסל שמאַטעס. אַז זיי ביידע, די

מינ־דע־לע און איר מאַ־שע־לע זענען צוויי גרויסע רשעים; אַז מינדעלע האָט מיט אירע אייגעלעך, ריידעלעך און גאָמבעלע דערהרגעט איר מאַן. דער שטילער און איידעלער בייראַך איז לעבן איר אויסגעגאַנגען ווי אַ ליכט און אָט־אָט דאָס זעלבע וועט עס זיין די מאַשעלע. אַזוי ווי די מאַמע — אַזוי זי. אויך זי וועט קוילענען איר מאַן מיט די אויגן און די זיס־גנבהשע ריידלעך.

די פאַקשיצער יונגלעך און מיידלעך זענען געווען מער פאַרביסן אויף מאַ־שעלען, איידער אויף איר מאַמען. זי איז דאָך אַביסל שיין, פוצט זיך ווי אַ כלה־מיידל און די איינרעדעניש האָט עס, אַז זי וועט קריגן דעם בעסטן חתן. אַנדערש בישם.

***

יונג און אַלט אין פאַקשיצע האָבן עס נאָכגעקוקט די טריט פון דער מינ־דעלען מיט איר טעכטערל, דאָס כלה־מיידל. מיט וועמען זיי רעדן, ווער עס קומט צו זיי און צו וועמען זיי גייען. די פאַקשיצער לייט האָבן זיך אויף זיי אָפּגעלייגט. און דאָך האָבן זיי דאָס מאָל און דאָס אמתע ריכטיקע געדיכטע אינגאַנצן דורכ־געלאָזט, פאַרשלאָפן און גאַרנישט באַמערקט. גאַנצע צוויי וואָכן האָט זיך אַ סך אָפּגעטון ביי מינדעלען מיט איר כלה־מיידל און זיי האָבן גאַרנישט געזען. אין די צוויי וואָכן האָבן זיי זיך כסדר געביטן. דאָ איז מינדעלע אַריינגעפאָרן קיין שידלאָסק, די גרויסע שטאָט, וואָס איז אינגאַנצן 15 וויאָרסט פון פאַקשיצע און זי איז דאָרט געווען עטלעכע טעג און ווי זי איז צוריקגעקומען אַזוי איז מאַשעלע אַריינגעפאָרן קיין שידלאָסק און איז דאָרט געווען עטלעכע טעג און די מאַשעלע איז דערוויל דאָרט, אין שידלאָסק, געוואָרן אַ כלה, די כלה פון די רייכע גלעזערס זונדל. דאָס איז געווען מאַשעלעס חלום צו קריגן דעם בעסטן חתן און זי האָט אים געקראָגן. איין קלייניקייט, די גלעזערס! זיי זענען שטיין־רייך; שידלאָסקער גבירים. די פרוי גלעזער אַליין שפּילט אַ געוואַלדיקע ראָלע אין שידלאָסק. זי מאַכט חתונה אָרעמע ווייבלעך און מיידלעך. זי פירט עס אָן מיט ווייבער־קאָמיטעטן אין אַלע שידלאָסקער אינסטיטוציעס. און ערשט אייערנעכטן, שבת, ווי עס האָבן זיך באַוויזן די ערשטע שטערן אין הימל, האָבן די מאַמע און די טאָכטער זיך איבערגעטאָן ווי צוויי אַלטע באבעס, אַזוי אַרויסגעגאַנגען, יעדע באַזונדער, הינטער דער שטאָט. זיי האָבן, אַזוי ווי צוויי אַלטע באַבעס, זיך אַרייג־געזעצט אין אַ פויערישן וואָגן, זיך איינגעגראָבן אין שטרוי און זענען אַזוי אַוועק־געפאָרן קיין שידלאָסק און טאַקע שבת־צו־נאַכטס איז עס פאַרגעקומען די חתונה. מאַשעלע איז געוואָרן די גלעזערס שנור און מינדעלע — די גלעזערס מחותנתטע.

און פּאָקשיצע האָט דאָס נישט געוווּסט. ערשט איצט, מאָנטיק אינדערפרי, האָט פּאָקשיצע דערזעען ווי עס פּאָרט אַריין אין שטאָט אַ שידלאָסקער דראָשקע און אינעווייניק זיצט ברייטלעך מינדעלע שבתדיק און יום־טובדיק און מאַשעלע איז אָנגעטאָן ווי אַ שידלאָסקער כלה און לעבן איר זיצט אַ יִינגערמאַן, זעט ער אויס ווי אַ גביריש זונדל. און דיביידע ווייבער, די מאַמע מיט דער טאָכטער, לאַכן עס אין דער דראָשקע און שאָקלען זייערע קעפּ צו די מענטשן, ווי זיי וואָלטן געזאָגט: „מיר לאַכן פון אייך!"...

וואָס עס האָט זיך איצט אָפּגעטון אין פּאָקשיצע! קינד און קייט איז אין גאַס. „וואָס?! מינדעלע און די שידלאָסקער גלעזערס?!".

— וואָס טוט זיך?! וואָס טוט זיך?! —האָט זיך געקרענקט דער בלאָסער אַנטשל קלעזמער מיט מאָדנע אויסגעגלאָצטע אויגן— מינדעלע און די גלעזערס?! איך גלויב נאָך איצט אויך נישט.

— אָט דאָס איז עס דאָך! —האָט געטענהט דער שוואַרצער שמואל, דער קאַמאַשנשטעפּער, האַלטנדיק אַ פּעקל כאַליעוועס אונטערן אָרעם— אָט דאָס איז עס די צוויי כישוף־מאַכערקעס, וואָס דאָ פאַרכישופן זיי די שיקסעס און נעמען ביי זיי צו דאָס געלט, האָבן זיי אין שידלאָסק פאַרכישופט די גרויסע קנאַקערס, די מיליאָנערסקע גלעזערס. וואָס פאַרשטייט איר דאָ נישט?...

און משה גיטקעס, דער פּאָקשיצער פילאָזאָף, האָט געשאָקלט דעם קאָפּ פון איבעראַשונג, צו וואָס מענטשן זענען אַלץ פעיִק.

— אוי־ווי, אוי־ווי —האָט דער לאַנגער גבריאל מיטן רויכערנדיקן פּאַפּיראָסל צווישן די ליפּן, זיך טרויעריק צוגעזונגען. — מאַשעס מאַן, דער גאַנצער גלעזער דאַרף זיך באַצייטנס באַזאָרגן מיט אַ קרקע.

—— ש־ש־ש —האָט יידל דער בעקער מיטן אויסגעצויגענעם באַוואַקסן פּנים און לאַנגן האַלדז געמאַכט מיט דער האַנט— ש־ש־ש, ער גייט!

די יִינגלעך און די מיידלעך זענען גלייך אַראָפּ פון גאַס. זיי האָבן זיך עפּעס אַזוי דערשראָקן פאַרן „ער גייט" ווי מייזלעך פאַר אַ קאַץ.

דער יִינגער גלעזער איז דאָס ערשטע מאָל אַרויס איבער פּאָקשיצע זעען די שטאָט. ער איז אַזוי איילִיק געגאַנגען, ווי ער וואָלט געמיינט, אַז פּאָקשיצע איז אַזאַ כרך ווי שידלאָסק און אפשר נאָך גרעסער. אין פּאָקשיצע גייט מען נישט אַזוי שנעל.

— טס׳הערט, קינדער —האָט דער שוואַרצער שמואל, דער קאַמאַשנשטעפּער, געוויזן מיטן פינגער אויף דער אָפענער דלאָניע פון זיין צווייטער האַנט—

אַט ווי דאָ וועט וואַקסן האָר, אַזוי וועט פון דעם עפּעס זיין. ווי קומט אַזאַ יונ־גערמאַן, אַ גאָלדענע שיינקייט, צו אַזאַ „כ׳בעט אייך איבער?״...

— ש־ש־ש. ער גייט!

דער יינגער גלעזער, מינדעלעס איידעם, איז צוריקגעגאַנגען. ער האָט שוין געזען פּאָקשיצע.

דער הויכער גבריאל מיטן רויכערנדיקן פּאַפּיראָסל און יידל דער בעקער האָבן געקייכט פון געלעכטער: „עס איז מיר אַ רחמנות אויף דעם יאָלד״!

— ש־ש־ש, ער גייט!

מינדעלעס איידעם גייט שוין ווידער אין גאַס אַריין.

— ער האָט שוין דערשמעקט מינדעלעס פּולווער.

— ער קען זיך קיין אָרט נישט געפינען.

**
*

וואָס עס האָט זיך געטון ביינאַכט ביי מינדעלען. אַזאַ אומגליק. אַן אויס־טערליש אומגליק. מאַשעלע איז פּלוצים אַוועקגעפאַלן אויף דער מאַמעס האַלדז מיט אַזאַ רייסנדיקן געוויין, אַז עס איז נישט צו פאַרשטיין, ווי פּאָקשיצע האָט דאָס נישט געהערט. די ווענט האָבן דאָך געציטערט. מינדעלע האָט זיך געדרייט אין אַ ראָד מיט מאַשען אויף איר האַלדז:

— „מאַשעלע! וואָס איז?!? האַ?! קינד מיינס״.

— מאַמעליונקו —האָט מאַשעלע זיך געריסן אין געוויין— עס איז נאָך אַזאַ בראָך נישט געווען. ווו זענען געווען דיינע אויגן, מאַמע? דו ביסט דאָך עפּעס אַ חכמה...

מינדעלע איז געשטאַנען אַ געפּלעפּטע, מיט פאַרגליווערטע אייגעלעך צו איר קינד. „און טאַקע, ווו זענען געווען מיינע אויגן?״... זי איז געווען צעחושט. זי האָט נישט געוווסט, וואָס זי האָט צו טון. זי האָט זיך אָבער געכאַפּט:

— וויין נישט, קינד. דייך מאַמע וועט שוין זען, זאָלסט נישט זיין פאַר־שעמט. וויין נישט, קינד מיינס.

**
*

מינדעלע איז אַריינגעגאַנגען אין שלאָף־צימער, צו שימעלען, מאַשעלעס מאַן.

— מאַשעלע? — האָט שימעלע זיך אַ וואָרף־געטון אין בעט. — מאַשעלע?

ער איז געלעגן אין בעט מיט פאַרויכערטע אויגן צום ליכט פון לאָמפּ.

— שלאָפסט נישט, שימעלע?

מינדעלעס גאַמבעלע האָט געציטערט. זי האָט זיך צוגעזעצט לעבן בעט. זי האָט זיך צוגעבויגן. מיט אַ קוואָקטשנדיק שטימעלע האָט זי גערעדט צו איר אײדעם:

— „האָסט געהערט די מעשה מיט דער ירושה? מאַשעלע האָט היינט גע־דאַרפט אָפּנעמען אַ גרויסע סומע געלט, אַ ירושה פון מיין מאַן עליו־השלום, וואָס ער האָט אָפּגעשריבן עקסטראַ פאַר איר, זי זאָל דאָס אָפּנעמען אַ טאָג נאָך איר חתונה. הערסט, שימעלע? איז זי היינט געווען ביים אַדוואָקאַט צו קריגן דאָס געלט. שטעל דיר פאָר, זאָגט איר דער אַדוואָקאַט, נישט מער און נישט ווייניקער: „מ׳קען גאָרנישט טון. דאָס געלט איז פאַרפאַלן, ווייל עס איז אָפּגעשריבן פאַר מאַשע פייערשטיין און דו הייסט היינט מאַשע גלעזער. שימעלע, דו הערסט? האָט מאַשע געפרעגט דעם אַדוואָקאַט: „וואָס־זשע טוט מען?". האָט דער אַדוואָ־קאַט איר געענטפערט, אַז עס איז נאָר דאָ איין וועג ווי אַזוי אַרויסצוקריגן דאָס געלט: „זאָלסט זיך גטן מיט דיין מאַן, וועסטו צוריק־הייסן מאַשע פייער־שטיין און וועסט קריגן די גרויסע ירושה און דערנאָך וועסטו צוריק חתונה האָבן מיט דיין מאַן און וועסט ווידער הייסן מאַשע גלעזער. שימעלע, האָסט געהערט?".

שימעלע האָט טאַקע נישט געהערט. ער איז געווען פאַרדומעט. זיינע אויגן זענען געווען ווי פאַררויכערט.

— שימעלע האָסט געהערט?

האָט ער זיך פּלוצים אַ כאַפּ געטון:

— געדעכט, געדעכט.

— נו גוט — האָט מינדעלע געקוואַקטשעט — שלאָף שימעלע. אַ גוטע נאַכט.

ביידע ווייבער, די טאָכטער און די מאַמע האָבן זיך געהאַלטן אַרומגענומען. מאַשעלע האָט געקושט דער מאַמען: „טייערע מאַמע. נישטאָ נאָך אַזאַ מאַמע. איך האָב געהערט יעדעס וואָרט".

זיי זענען געזעסן ביז פאַרטאָג ביים טיש אין עס־צימער און געלאַכט פון פרייד, וואָס מען ווערט אים פּטור. פון שלאָף־צימער האָט זיך געהערט אַ שווער שנאָרכן. ביידע ווייבער האָבן שטאַרק געלאַכט. מינדעלעס קול האָט געקלונגען פּונקט ווי מאַשעלעס.

***

— קום שימעלע, טייער שימעלע — האָט מינדעלע קוואָקטשנדיק געחנדלט
— קום שימעלע.

ער איז געגאַנגען פאַראויס. ער האָט געאיילט. די מאַמע מיט דער טאָכטער זענען אים ווי נאָכגעלאָפן מיטצוהאַלטן זיין שנעלן טריט. עס איז זיי געווען אַ חרפה און אַ בושה פאַר אַשטאָט מיט מענטשן. אַלע דריי זענען גלייך אַריין אין ר׳בס שטוב. און איידער וואָס, איידער מינדעלע און מאַשעלע האָבן עפּעס געזאָגט דעם רב, האָט שימעלע געטון אַ שפּרונג אַרויס:

— גטן!...

מינדעלע און מאַשעלע זענען געוואָרן טויט־בלאַס. ביידע האָבן דערנאָך אויך געזאָגט: „גט״, אָבער עס האָט שוין גאָרנישט אָפּגעקלונגען. דער רב האָט עס שוין געהערט פונעם יונגנמאַן.

דעם רבס גרייז־גרויע באָרד האָט אַזש געציטערט. „גטן? ווייסט, זיי האָבן דאָך די טעג חתונה געהאט!״ „ביידע צדדים ווילן אַ גט״.

דער רב האָט געקרעכצט און געזיפצט: „אַזאַ וועלט, אַזאַ צייט!

***

און שימעלע האָט אַריינגעוואָרפן דעם גט אין מאַשעס הענט.

וואָס עס האָט זיך איצט אָפּגעטון אין פאָקשיצע! עס איז געווען ווי שמחת־תורה. עס האָט גערוישט אין גאַס ווי אין אַ בינשטאָק. קינד און קייט ווילן הערן: „איז די מעשה אמת, האָט ער זי טאַקע אָפּגעגט?״ אַממיינסטן האָבן עס אַרום־גערוישט די יינגלעך און מיידלעך, האָבן זיי עס געלאַכט.

דער שוואַרצער שמואל, דער קאַמאַשנשטעפּער האָט געשיינט:

— וואָס האָב איך אייך געזאָגט? איר געדענקט מיינע ווערטער?

— און וואָס האָב איך געזאָגט?

— איך האָב דען אַנדערש געזאָגט?

— קינדערלעך מיינע — האָט געטענהט דער בלאַסער אנשל קלעזמער — ער מוז זיין אַ גרויסער חכם, דער יונגערמאַן, וואָס ער האָט עס געמאַכט אַזוי באַצייטנס, אין צוויי טעג. ער איז אַ מענטש אַ בריה!

— ער האָט געזאָגט איין וואָרט — האָט דערציילט יידל דער בעקער, ווי ער וואָלט געווען דערביי ביים רב — ער האָט געזאָגט נישט מער ווי „גטן״.

— וואָס האָט ער דען געדאַרפט מער זאָגן?

— דער ס׳גאַל מענטשן רעדן נישט קיין סך, איין וואָרט און גענוג.

פאָקשיצע האָט גערוישט פון געלעכטער.

# לייבל האָט זיך אויפגעכאַפּט

פון קינדערווייז אָן, איז לייבל געווען מוראדיק נישט־דרייסט צו עלטערע מאַנס־לייט. ער האָט זיי נישט דערוויידערט. ער האָט זיך מיט זיי נישט געשפּאַרט. וואָס העכער די עלטער, אַלץ גרעסער זיין הכנעה, אַפילו צו זיין טאַטן איז ער אַזוי געווען. זיין טאַטע פלעגט זיך אויף אים היצן מיט די שאַרפסטע ווערטער און אויפן הויכן קול, אַז ער, לייבל, איז אַזעלכער און אַזעלכער, ער האָט זיך גאָרנישט אָפּגעשטעלט, און נאָך אַמאָל דאָס זעלבע און ווידעראַמאָל דאָס זעלבע און לייבל האָט געשוויגן, דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט און געהערט.

אַנדערש איז געווען זיין באַציִונג צו פרויען. צו זקנות איז לייבל געווען ווי אַ ליב אייניקל; מיט מיטלאָריקע פרויען איז שוין געווען ווי אַ מאָל: עס האָט געטראָפן, אַז ער איז צו אַ פרוי געווען זייער פריינטלעך, אַפילו פריילעך; עס האָט אָבער אויך געטראָפן, אַז אָן סיבה, ווי ער האָט פון דער פרוי זיך אַוועק־געדרייט. עס איז אים געווען שווער אין איר אָנוועזנהייט... גאָר שלעכט איז אים געווען אין דער אָנוועזנהייט פון מיידלעך און יונגע פרויען. ער האָט זיך געפילט ווי אַ כאָמעט וואָלט געהאַנגען אויף זיין האַלדז. דאָס פּנים איז אים געווען פינצ־טער, ברוגז־אָנגעבלאָזן און אויב ער האָט נאָר געקענט איז ער אַנטלאָפן.

עס פלעגט צו זיי אַריינקומען זיין טאַטנס אַ קרובה, שרה־יענטל. שטענדיק איז מיט איר געקומען איר שיין מיידעלע, טעמטשע. שרה־יענטל איז געווען אַן אָרימע. זי האָט געאַרבעט זייער שווער אויף פּרנסה, ווייל איר מאַן איז געווען אַ חולה־מסוכן, ער האָט געפּאָכעט מיט דער נשמה און זי האָט געשלעפּט אויף זיך אַ קויש מיט פּראָדוקטן, וואָס זי האָט אַריינגעטראָגן אין באַלעבאַטישע הייזער, פלעגט זי קומען, פון צייט צו צייט, צו איר קרוב שמואל־דוד, —לייבלס טאַטע,— ער זאָל איר אויסבאָרגן עפּעס געלט.

פון צרות און פון דער שווערער האָרעוואַניע האָט זי אויסגעזען ווי אַ זקנה, ווען זי איז באמת געווען גאָר אַ יונגע, — ביי די דרייסיק. דאָס פּנים געל ווי

זואַקס, אָפּגעצויגן, אויסגעדאַרט, אַ היפּש ביסל גרויע האָר אין קאָפּ. זי האָט אָבער אַלץ געטון, אַז איר איינציק קינד, טעמטשעלע, זאָל גוט אויסזען און גיין שיין אָנגעטאָן.

טעמטשעלע איז געווען אַ שיינע, אַ וווקסיקע. ווען זי איז אַלט געווען צען יאָר איז זי געווען אַזוי הויך ווי לייבל ביי זיינע דרייצן יאָר, אַ ווונדערלעכע שיינקייט, אַפילו אין רייכסטן הויז וואָלט אַזאַ קינד געווען אַ ווונדער־שיינקייט; איר פּנים איז געווען רויט־ווייס, אירע ליפּן ווי איינגעגעצטע אין וויין; איר אָנטאָן איז געווען צוגעפּאַסט צו איר שיינקייט. שרה־יענטל האָט געהאַט דעם געשמאַק צוצופּאַסן פאַר איר די קאָלירן, וואָס זאָלן האַרמאָנירן.

טעמטשעלע איז ביי זיך געווען אַזוי ציטערדיק, אַז זי האָט מיט קיינעם נישט געמאַכט קיין שום מחזקות. זי איז אַריינגעקומען מיט צאַרטע מינעלעך און זיך גלייך גענומען צו איר שפּיל. זי האָט געוואָרפן דעם באַלעם און אים נאָכגעטאַנצט: „ראַז־דוואַ, ראַז־דוואַ".

לייבלס טאַטע־מאַמע האָבן זיך געבעטן ביי טעמטשעלען זי זאָל עסן, זי זאָל טרונקען און עפּעס דערציילן. און טעמטשע האָט קוים געגעסן, קוים געטרונקען, קוים געשמייכלט. מיט טעמטשעלעס מאַמען, מיט שרה־יענטלען, איז לייבל געווען אין גרויס פריינטשאַפט. מיט געפיל, ווי אַ גרויסער מענטש, האָט ער איר אויס־געפרעגט ווי עס גייט איר און איז געשטאַנען מיט די פּלייצעס צו טעמטשעלען. אַז זי איז אים אָנגעקומען אין די אויגן האָט ער זיך אַוועקגעדרייט. די קרובהשאַפט פון קינד צו אים האָט לייבלען געמאַכט אַ געפאַלן געמיט. נישט נאָר, וואָס ער האָט מיט איר נישט גערעדט, נאָר ער האָט אַפילו נישט געקוקט צו איר. שרה־יענטל האָט דאָס באַמערקט און געמאַכט דערפאַר שולדיק איר קינד, אַז זי איז אַ מרוקל, אַז זי איז אַ שלעכטע און אַז לייבל ווידער איז נישט גענוג קלוג.

ווען זיי האָבן אויפגעהערט קומען האָט לייבל פרייער אָפּגעאָטעמט. ער איז געווען זיכער אַז טעמטשעלע וועט דאָ שוין קיינמאָל נישט זיין. זי וועט גיין אין שולע, דערנאָך זיך לערנען אַ פאַך. גאַנץ גוט!

שמואל־דוד און שפרינצע, לייבלס טאַטע־מאַמע, האָבן זיך געבראָכן דעם קאָפּ, וואָס עס איז מיט שרה־יענטלען און מיט טעמטשעלען. און איינמאָל איז דער טאַטע זיינער געקומען פון גאַס. לייבל איז געווען דערביי. דער טאַטע זיינער האָט דערציילט דער מאַמען, אַז ער האָט געטראָפן שרה־יענטלען. זי אַרבעט ביי אַ שניידערין. זי האָט זיך דערמאָנט אין איר אַלטער מלאכה, וואָס זי האָט שוין לאַנג פאַרגעסן. זי פאַרדינט אַפילו זייער ווייניק, אָבער עס איז איר אַ סך לייכטער ווי אַרומטראָגן זיך מיט די קוישן. וועגן טעמטשעלען

האָט ער דערציילט גאָר אַ שיינע זאַך, אַז זי איז אין אַ „שקאָלע", וואָס לערנט אויך פאַרשיידענע מלאכות, לערנט זי זיך שניידעריי. די לערערקעס האָבן געזאָגט שרה־יענטלען, אַז טעמטשעלע איז פון די בעסטע אין קלאַס. שפּרינצע, לייבלס מאַמע איז דערמיט געווען זייער צופרידן, אָבער זי האָט אויך געהאַט עגמת־נפש. אירע קראַנקע אויגן האָבן אויסגעדריקט זאָרג און בענקשאַפט צו זען טעמטשעלען: — ווער ווייסט ווען איך וועל זיי זען. אָבער לייבל האָט זיך געפילט ווי מען וואָלט אים אַראָפּגענומען אַ כאַמעט פון האַלדז... לייבל איז איצט אַלט געווען פופצן יאָר און טעמטשעלע — צוועלף.

**
*

זיין טאַטע־מאַמע האָבן זיך נישט געקענט צוגלויבן, אַז לייבל האָט געקריגן אַ שטעלע. ער?! ער?! ער איז אָבער אַהיימגעקומען אַ פאַרשוויצטער, מיט שווערע הענט און ער זאָגט דאָך, אַז ער אַרבעט ווי אַן עקספּעדיטאָר אין אייזיקס שיך־פאַבריק. עס איז נישט געווען זיין נאַטור צו לאַכן, אָבער עס האָט זיך זיי געגלוסט צו לאַכן פון זייער יונג, וואָס טוט עפּעס, — ער אַרבעט. יאָ עקספּעדי־טאָר, נישט עקספּעדיטאָר, אַבי ער אַרבעט. אָבער זיי האָבן עס בשום אופן נישט געקענט פאַרשטיין ווי ער איז געקומען דערצו.

אייזיקס זונדל, לייבלס חבר פון חדר האָט אים געשלעפּט פאַר דער האַנט, ער זאָל מיט אים גיין צו זיין טאַטן, אַז זיין טאַטע האָט פאַר אים אַ שטעלע. לייבל האָט זיך געריסן, ער האָט נישט געוואָלט גיין. אייזיקס זון האָט מיט כוח געבערענט: — טאַטע, דו דאַרפסט דאָך אַן עקספּעדיטאָר. ער וועט זיין גוט. איך קאָן אים. אייזיקס געל געשווירן בערדל האָט געלאַכט פון זיין זונדל מיט זיין חבר אין איינעם, וואָס האָט אים אויסגעזעצט „אַ פאַרשלאָפענער יאַט", אָבער ער האָט אים געהייסן בלייבן. לייבל האָט געדאַנקט וואָס ער איז איבערגעקומען. שווייס האָט זיך געגאָסן פון זיין פּנים. ער האָט אַלעמאָל באַמערקט דעם באַלעבאָס׳ אייגלעך, — יעגע אייגלעך! האָט ער זיך געהאַלטן צו אים מיט די פּלייצעס און ערנסט געקלאַפּט די נעגל אין די קעסטלעך מיט שיך.

**
*

לייבל האָט קיינמאָל נישט געטראַכט וועגן טעמען, ווי ער האָט בכלל נישט געטראַכט וועגן מיידלעך. אָבער אָט, גייענדיק אַהיים פון דער אַרבעט, האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז טעמע גייט אים אַקעגן. ער האָט געוואָלט אַראָפּ פון גאַס. עס איז שוין אָבער געווען צו־שפּעט. ער האָט געוואָלט זיך פאַרדרייען אין אַ

זייט, אָבער דאָ האָט טעמעס שיין פּנים געטון אים אַ בליק אין די אויגן און פאַרביי ווי אַ ווינט. ער האָט ערשט איצט געטון אַ שאָקל מיטן קאָפּ. ער האָט נישט געוווּסט צי זי האָט אים געזען. ער האָט זיך אויסגעדרייט, געזען אירע גלייכע פּלייצעס, דעם שיינעם קאָפּ און איר געטאָקטן טריט. ער איז געווען צו־פרידן, וואָס זי האָט זיך נישט אויסגעדרייט... און אין דער זעלבער נאַכט האָט ער פּלוצים, אומגעריכט דערזען טעמען. אירע שיינע אויגן האָבן געקוקט צו אים, אָבער אָן אַ שמייכל. איר נאָענטקייט האָט אים שטאַרק צעוואָרעמט. ער האָט אַרומגענומען איר קאָפּ צו טון איר אַ קוש, אָבער זי איז נישטאָ... ער האָט זיך האַסטיק אויפגעכאַפּט, אַ צעבראָכענער. ער איז די נאַכט נישט געשלאָפן. ער האָט זיך געפילט קראַנק. און אַזוי צומאָרגנס דעם גאַנצן טאָג. ער איז געווען צעדרייט. ער האָט זיך זייער געמאַטערט ביי דער אַרבעט. ער איז געווען טויט־מיד.

***

לייבלס טאַטע איז אַהיימגעקומען אַן אויפגערוימטער. ער האָט עס גלייך דערציילט שפּרינצען. ער האָט פאַר לייבלען זייער אַ גוטן שידוך. ער זאָל נאָר זיין אַ מענטש וועט ער זיין אַ גליקלעכער יונג. דער ייִד הייסט וועלוול פּרייס.

— דו קענסט אים נישט! אַן אָרנטלעכער מענטש. אַ שטיק עושר. ער מיט זיינע זין האַנדלען זיי מיטן זעבעריקער הויף. זיי ווינען טאַקע אין זעבעריק. זיי האַנד־לען זייער גרויס: וועלדער, פעלדער, תבואה, בהמות, ווי אין אַ הויף. מ׳קאָן זיי דאָ זייער גוט. אַלע זאָגן: הויפּט־אָרנטלעכע מענטשן! שמואל־דוד האָט אַ גלעט־געטון זיין ברייטע באָרד: — זאָל ער נאָר זיין אַ מענטש, וועט ער זיין מיט זיי אין מסחר און נישט ווערן פאַרשוואַרצט ביי אַזאַ גראָבן יונג ווי דער אייזיק!

— אַזוי! — האָט שפּרינצע אַ זיפץ־געטון פון איבערראַשונג.

ווען לייבל איז אַהיימגעקומען, האָט אים דער טאַטע מיט אַ וואַרעמען ניגון דערציילט די מעשה מיטן שידוך. עס איז אים געפעלן. טאַטע־מאַמע זענען געווען צופרידן וואָס עס געפעלט אים. אַזוי איז ער דאָך אַ קרומער יונג, אַלץ איז ביי אים פאַרקערט!

— ווען־זשע וועל איך זען די כלה? — האָט שפּרינצע אַ פרעג־געטון.

שמואל־דוד האָט זיך צעלאַכט:

— קאָן עס דען געמאָלט זיין צו טון דעם שידוך איידער דו וועסט זען די כלה? וואָס רעדסטו?

אירע אויסגעגאָליעטע אויגן האָבן געגלאַנצט מיט צופרידנקייט.

ביי דער זעאונג איז דער יונג געווען אויפגערוימט ווי אַ שיכור. אַלע האָבן

גערעדט וועגן אים, דעם חתן. די כלה האָט אים אויסגעזען אַ פּשוט, גוט מיידל. זי איז געווען אַ שוואַרצע, ווי איר פאָטער און אירע ברידער. זי האָט אים נישט אויסגעזען אַזאַ מיידל, וואָס בלאָזט זיך. ער איז באַלד געוואָרן היימיש מיט איר. מיט אַ לעבעדיקן שמייכל האָט ער איר געענטפערט אויף אַלץ, וואָס זי האָט געפרעגט. עס האָט אים זייער פאַרדראָסן אויף זיין טאַטן, וואָס ער קריגט זיך מיטן מחותן און מיט דער כלהס ברודער. ווי ער שרייט! אַ חרפה און אַ שאַנד. ער וויל זיי זאָלן געבן אַ גרעסערן נדן. ווי ער שרייט עס! זיי זענען דאָך גערעכט: געלט איז דאָך גאָרנישט, לייבל וועט זיין מיט אונדז. איין מסחר. איין קאַסע. איין קעשענע. לייבל האָט אַ שעמעוודיקער געשמייכלט צו דער כלה און צו אירע ברידער איבער זיין טאַטן.

***

דעם דריטן טאָג נאָך די תנאים. ס'איז געווען שבת בייטאָג. אין שטוב — אַ ברייטע געמיטלעכקייט ווי נאָך אַ שמחה. פלוצים, אומגעריכט, די טיר האָט זיך געעפנט. אַלע זענען אויפגעשפּרונגען מיט פרייד: — שרה־יענטל, טעמטשע. לייבל האָט געשריגן העכער פון טאַטע־מאַמע: — טעמטשע, טעמטשע!

— פאַרוואָס זענט איר נישט געווען אויף די תנאים?! — האָבן לייבעלעס טאַטע־מאַמע געפרעגט מיט פאַרדרוס.

— וואָס האָט מען דיר טעמטשעלע אַזוי לאַנג נישט געזען?! — האָט לייבעלע געשריגן.

שרה־יענטל און טעמטשע האָבן געבעטן מען זאָל עס נישט נעמען פאַר אומגוט. עס האָט זיך אַזוי געמאַכט.

— עס פאַרדריסט אונדז זייער. זאָל זיין מיט מזל!

— אוי, לייבעלע — איז טעמעלע צו אים צו מיט אַן אויסגעצויגענער האַנט און מיט אַ שטראַלנדיק פּנים — ווי שיין דו האָסט זיך געענדערט, ווי שיין!

לייבעלע האָט געטאַנצט אַרום טעמטשען. זאָל זיך טעמטשע זעצן. טעמטשע גיב מיר דיין מאַנטל. מאַמע, מאַמע, זע נאָר ווי טעמטשעלע זעט אויס. דער מאַמעס אויסגעגאָליעטע אויגן האָבן גיכער געקוקט צו לייבלען, וואָס ער טאַנצט עס אַזוי אַרום טעמען... לייבל האָט איינגעזען, אַז טעמטשעס פּנים איז איצט אַ סך שענער. זיין גאַנץ פּנים איז געווען בלויז פרייד. ער האָט געברענט איר צו באַדינען, מיט איר זיך צו פרייען. איר אַריינקום און ווי אַזוי זי איז אַריינגעקומען האָט אים געוואַלדיק צעוואַרעמט מיט ליבשאַפט.

— טעמטשע! טעמטשע!

— לייבעלע, דערציייל מיר עפּעס וועגן דער כלה. אַ שיינע? אַ הויכע? אַ שאַטינקע? אַ ברונעטקע?

לייבל האָט דערפילט אַ מישונג אין קאָפּ.

— וואָס איז דיר, לייבעלע?

— גאָרנישט, גאָרנישט. דערציייל מיר וועגן זיך, דערציייל טעמטשעלע. וואָס האָט מען דיר נישט געזען?

— מיר דאַכט זיך, אַז דו, דער קאַוואַליר, האָסט מיך געדאַרפט אָפּזוכן...

— ביסט גערעכט, גערעכט! טעמטשע טייערע, ביסט גערעכט.

זיין פּנים איז געווען אָנגעצונדן.

לייבלען האָט פאַרדראָסן אויף זיין מאַמען, וואָס זי ווייזט אַרויס אַזוי פיל שלעכטס מיט איר מאָדנע קוקן, דאָ אויף אים און דאָ אויף טעמען און נאָך מער, ער האָט באַמערקט, ווי טעמע האָט דאָס געזען און פאַרשטאַנען דעם מיין...

און ביי דעם אַלעמען איז נישט געווען אַזוי פריילעך. ביי טעמען האָט זיך געענדערט די שטימונג. זי איז געזעסן מיד. שרה־יענטל איז אויך נישט געווען אַזוי פריילעך.

— מאַמע, —האָט טעמע זיך אויפגעהויבן— מירן גיין, עס ווערט שפּעט.

טעמעלע איז אַרויס פון טיר מיט אויגן צו לייבלען.

עס איז איצט דאָ געווען אַזאַ מידקייט, אַ פאַרשלאָפנקייט. אַלע האָבן אויסגעזען מיט פאַרדרוס: דער טאַטע, די מאַמע און לייבל...

**
*

עס זענען אַריין אין שטוב דער מחותן מיט זיינע דריי בנים. זיי האָבן זיך אַזוי ווי אַריינגעשאָטן, ווי די פויערים אין שענקל אין מאַרק. זיי זענען אַלע געווען שוואַרץ ווי קויל, די פּנימער, די בערד און די בליציקע אויגן. דער פאָטער זייערער איז געווען צווישן זיי דער קלענסטער. אַ קליין טאַטעלע, וואָס איז געשטאַנען הינטער זיי און אַריבערגערעדט איבער זייערע אַקסלען. זיי האָבן אַלץ גערעדט אינאיינעם וועגן זמן חתונה. זיי האָבן הויך גערעדט ווי זיי וואָלטן געוועקט מענטשן פון שלאָף.

— די חתונה וועט פאָרקומען פון היינט איבער פיר וואָכן — האָט דער מחותן אויסגערופן פון הינטער זיינע קינדערס פּלייצע.

לייבלס מאַמע האָט צאָרנדיק אויסגעשטעלט אירע אויסגעגאָליעטע אויגן:

— ווו וועט זיין די חתונה, אין דאָרף? איז אָן מיר. איך נישט. זאָל מיין מאַן נעמען דעם חתן און פאָרן. איך נישט!

עס איז געוואָרן צווישן זיי אַזאַ טומל, אַז מען האָט קיין וואָרט נישט געהערט.
— אָן מיר — האָט שפּרינצע געשריגן גאָר הויך, ווי זי וואָלט זיי געדראָט.
— וואָס רופסטו זיך נישט אָן, שמואל־דוד? עס איז דיר אַלץ איינס צי איך וועל יאָ זיין אָדער נישט זיין? איז גוט. אָט דאָס וויל איך וויסן.
— וואָס זאָגט דער חתן? — האָט געפרעגט דער עלטסטער ברודער דער בלהס.
— ווו איז דער חתן?
— ער איז גאָר נישטאָ?
— ער איז דאָך איצט געווען?
— עס קען נישט זיין, לייבל, לייבל!
— מיר קענען נישט וואַרטן — האָט דער מחותן גערופן זיינע קינדער — קומטס.
— מיר וועלן דאָ זיין דינסטיק. אַ גרוס דעם חתן.
— ווו איז טאַקע לייבל? —האָט עס שפּרינצע געפרעגט איר מאַן— האַ, שמואל־דוד! און אויסגעזען האָט זי ווי אַ הון ביים לייגן אַן איי.
— אָט דאָ איז ער דאָך —איז שמואל־דוד אויפגעשפּרונגען פון כעס— אָט דאָ איז ער דאָך. ער איז נישט קיין מענטש. ווי־זשע וועט ער זיך אַריינפּאַסן אין זייערע מסחרים?!
שפּרינצע האָט געקרעכצט: אוי, אוי.

***

אומגעריכט האָבן שרה־יענטל און טעמטשע דערזען לייבלען ביי זיך.
— לייבל?!
— ער איז געקומען מסתמא אונדז בעטן אויף דער חתונה — האָט שרה־יענטל זיך געלערנט טרעפן.
— שוין די חתונה?! —האָט טעמטשע נישט געגלויבט — ס'איז דאָך ערשט געווען די תנאים.
— זיי רעדן דאָרט — האָט לייבל געזאָגט.
— און דו ביסט אַוועקגעגאַנגען? — האָט אים שרה־יענטל געפרעגט.
טעמע האָט אויסגעזען ווי זי וויל הערן אַ טשיקאַווע מעשה.
— עס האָט מיר אָנגענומען אַ חלשות.
— פונדעסטוועגן — האָט שרה־יענטל אים געלערנט.
— האָסט עפּעס צו זיי? — האָט ווייטער גערעדט שרה־יענטל.

— איך האָב צו מיר...

— וואָס ווידער? —האָבןביידע אויפגעשטעלט מויל און אויערן— וואָס אַזוינס?

— עס וועט דערפון גאָרנישט זיין.

עס איז געוואָרן טויט־שטיל. טעמע איז געווען ווייס ווי די וואַנט.

שרה־יענטל האָט זיך געקאָכט:

— זעץ זיך נאָר אַנידער. זאָג מיר דעם אמת, עס געפעלט דיר נישט די כלה?

— טאָר איך נישט זאָגן „ניין״?

— ווו זענען געווען דיינע אויגן?

— איך בין מיין גאַנץ לעבן געשלאָפן און איך האָב זיך איצט אויפגעכאַפּט.

— האָסט שוין געזאָגט דעם טאַטן, דער מאַמען?

— איך וועל זיי נאָך זאָגן. דערווייל וויל איך דאָ זיין. ס'איז מיר אַ מחיה דאָ צו זיין.

— זאָג מיר דעם אמת, לייבל, פאַרוואָס ביסטו די גאַנצע צייט דאָ נישט אַריינגעקומען, נישט אַריינגעשמעקט?

— איז היינט צו־שפּעט? שרה־יענטל, פאַרוואָס שטויסט איר מיך אָפּ?

טעמע האָט געמאַכט מיט דער האַנט צו דער מוטער, זי זאָל אויפהערן.

**
*

עס האָט פאַר זיי געהייסן שוין שפּעט אין דער נאַכט, נאָענט צו עלף. זיי זענען געזעסן פאַרשלאָפענע, מיד פון קריגן זיך. שעהן, שעהן, זינט דער מחותן מיט זיינע זין זענען אַרויס פון שטוב, האָבן זיי זיך אַרומגעקריגט ביז זיי זענען געפאַלן אין מידקייט. שפּרינצע האָט נאָך אַלעמאָל אַרויסגעלאָזט: „אוי, אוי!״ און ערשט איצט, אַזוי שפּעט אין דער נאַכט, האָט שפּרינצע זיך דערמאָנט. זי איז געוואָרן לעבעדיק:

— דו ווייסט, וואָס מיר איז איינגעפאַלן? אַז דער יונג איז ביי שרה־יענטלען. יאָ! יאָ!

— ביי זיי?! — וואָס דיר פאַלט איין!

— יאָ! יאָ! —האָט זי נישט אָפּגעלאָזט— דו האָסט נישט געזען דעם שבת, ווען זיי זענען דאָ געווען, ווי דער יונג האָט עס אַרומגעטאַנצט אַרום טעמען: „טעמטשעלע! טעמטשעלע!״ דו האָסט דאָס נישט געזען. שמואל־דוד, גיי שוין אַריבער אַהין, איידער עס ווערט שפּעט.

— איך גיי נישט. גיי דו!

— פֿאַרוואָס נישט דו?

— פֿאַרשטייסט נישט אַליין?! איך בין שרה־יענטלס קרוב און נישט דו. עס איז מיר איבער דער טבע. זי איז זיכער אויף מיר אָנגעברוגזט.

— און וואָס בין איך? נאָך בעסער ווי אַ קרוב. תמיד פֿאַר זיי דאָס שענסטע און בעסטע. איך האָב אין טעמטשעלען זיך געשפּיגלט, שיקט ער מיר!

— איך נישט; איך קאָן נישט.

— איך אויך נישט. פֿאַר מיר איז דאָס אוממעגלעך, אוי, אוי!

# אַ מזל פֿון אַ ייִנגל

מאיר ראָזשיק מיטן הויכן שטערן און מיט דער נאָך העכערער טשופּרינע איז שוין געווען אַ לערער אין פּריוואַטע הייזער. ער איז איצט קוים געוואָרן אַכצן יאָר, אָבער ער האָט אַלע זיינע לעקציעס זייער שנעל פֿאַרלוירן. צוויי שילערינס, — ווייל זייערע טאַטעס האָבן נישט געוואָלט, אַז צו זייערע קינדער זאָל קומען אַזאַ יונגער לערער... אַנדערע צוויי — ווייל זייערע טאַטעס האָבן שוין דעם צווייטן חודש אויפֿגעהערט צו צאָלן דעם לערער. זיי האָבן אפֿנים גערעכנט, אַז אַזאַ ייִנגל מעג לערנען אומזיסט. איין שילערין ווידער איז באַלד געוואָרן אַ כלה און זי האָט געהאַט וויכטיקערע עסקים ווי די לעקציעס...

אָבער מאיר האָט דווקא געוואָלט זיין אַ לערער. ער האָט געהאַלטן לערערײַ פֿאַר די אינטעליגענטסטע פּראָפֿעסיע און ער האָט עס ליב געהאַט. ער האָט געוואָלט זיין אַ לערער. צווישן אים מיט זיין טאַטן, מיט עקיבא ראָזשיק דעם זייגערמאַכער, איז אָנגעגאַנגען אַ לאַנגער וויכוח, פֿאַרוואָס מאיר וויל באין־אופֿן נישט זיין קיין זייגערמאַכער און האָט זיך אַזוי איינגעעקשנט פֿאַר לערערײַ. אַ חוץ זייגערמאַכער איז עקיבא ראָזשיק געווען אַ פֿריילעכער פֿילאָזאָף. אַ רויִקער מענטש, אַ שטילער, אַ בייכלדיקער, מיט אַ בכבודיקע רויטלעכע באָרד. ער האָט בשום־אופֿן נישט געקענט פֿאַרשטיין, זיין מאירן, וואָס איז דאַכט זיך אַ קלוג ייִנגל, פֿאַר־וואָס ער וויל נישט האָבן קיין רויִק לעבן. אַ זייגערמאַכער איז דער רויִקסטער מענטש אין דער וועלט און ער וויל דווקא זיין אַ לערער און בפֿרט אַזאַ לערער וואָס שלעפּט זיך אַרום איבער די הייזער און רעדט דעם גאַנצן טאָג... — ווו שטעקט דאָ דער שכל? ווען ער זאָל קענען וואָלט ער זיין ייִנגל אויסגעפּאַטשט, אָבער עקיבא ראָזשיק איז נישט געווען אַזאַ מענטשן, האָט ער דערפֿאַר זיין ייִנגל „געשטאָכן“ מיט זיינע חכמות — דו זעסט דאָך, מאיר, אַז מען דאַרף נישט קיין לערער און צי קאָנסטו זיך פֿאָרשטעלן, אַז מען קאָן זיך באַגיין אָן אַ זייגערמאַכער? ניין. אָן זייגערמאַכערס וועלן קיין זייגערס נישט זיין און די וועלט וואָלט באַלד

געוואָרן משוגע. שטעלסטו זיך דאָס פֿאָר? האָט אים דערויף מאיר געענטפֿערט אין איין מינוט: — שטעלסטו זיך פֿאָר, טאַטע, אַ וועלט אָן לערערס? די מענטשן וואָלטן געוואָרן בהמות... איז עקיבא ראָזשיק געשפּרונגען און געהאַלטן זיך ביי די זייטן: — בעסער, בעסער אַ וועלט מיט בהמות, איידער מיט משוגעים...

טאַטעס פֿון קינדער האָבן מאירן פֿאַרזיכערט, אַז איבעראַיאָר, ווען זייערע קינדער וועלן זיין אונטערגעוואַקסן, וועט ער זיי האָבן פֿאַר שילער. ערשט איבער אַ יאָר. און דאָ איז מאירן אויסגעקומען צופֿעליק זיך צו טרעפֿן מיט אַ יִינגל אין זיין עלטער. אַ שניידער־יִינגל, אָבער קלוג — בילעט. זיי זענען זיך ביידע געפֿעלן. אינמיטן פֿון די רייד, האָט דאָס שניידער־יִינגל זיך געכאַפּט, אַז ער רעדט מיט אַ לערער. „אַ לערער?!" ער האָט געהאַט גרויס דרך־ארץ פֿאַר אַ לערער. אַ לערער באַזאָרגט מענטשן מיט תורה און מיט וויסן און אַ שניידער באַזאָרגט מענטשן מיט הויזן. ער איז צו אים צוגעפֿאַלן מיט דער גרעסטער געטריישאַפֿט:

— דו דאַרפֿסט שוין היינט אַריינפֿאָרן אין מיין סאַרנאַק.

— ווו איז דיין סאַרנאַק?

— אַ שעה מיט דער באַן.

— און וואָס איז דיין סאַרנאַק?

האָט דאָס יִינגל זיך צערעדט מיט ליבע און שטאָלץ:

— סאַרנאַק איז אַן אויסנאַם פֿון אַלע שטעטלעך. אַזוי ווי איך זאָג דיר. גענוג דיר צו זאָגן, אַז אַלע לערערס וואָס מיר האָבן געהאַט ביז היינט זענען אַהיימגעפֿאָרן מיט אַ סך געלט. די גאַנצע יוגנט, אַלע קינדער האָבן זיך ביי זיי געלערנט און איצט איז סאַרנאַק אָן אַ לערער. זיי האָבן מיר געשריבן, איך זאָל זיך דאָ אומקוקן וועגן אַ לערער. זייער גוט, וואָס מיר האָבן זיך באַקאַנט. שוין היינט, גיי אַוועק צום באַן און אין אַ שעה אַרום וועסטו זיין אין סאַרנאַק.

מאיר איז געווען דערפֿון אויסערגעוויינלעך צופֿרידן, איז ער דאָך ווידער לערער. אָבער אין דערהיים האָט זיין טאַטע, דער קלוגער זייגערמאַכער, עקיבא ראָזשיק, זיך גענומען צו אים מיט זיינע חכמות. ער האָט געלאַכט: שוטה, שוטה, אַז שעדלעץ טויג נישט, היינט וואָס קאָן זיין סאַרנאַק? די מאַמע האָט ווידער געוויינט. ביי איר איז אויסגעקומען, אַז דאָס סאַרנאַק איז הינטער די הרי חושך. גאָט דער לעבעדיקער ווייסט ווען איך וועל דיך זען! אָבער מאיר איז אַ פֿאַריאַכמעטער געלאָפֿן צום באַן. ער איז שנעל געלאָפֿן כדי אָנצוקומען פֿריַער, איידער עס קומט דאָרט אַ צווייטער. ביי דער באַן האָט מאיר זיך געכאַפּט, אַז ער האָט ביים שניידערל פֿאַרגעסן זיך אויסצופֿרעגן, וואָס ער האָט צו טון ווען ער קומט אַריין אין סאַרנאַק, ווו גייט מען אַריין איבערשלאָפֿן אַ נאַכט, ווו קריגט מען עס

די לעקציעס, אַ שאָד, אַ שאָד. עס איז פּלוטעריי. אָבער מאיר איז אַריין אין צוג. די באַן האָט אים געלאָקט צו מאַכן אַ רייזע און דער טאָג האָט צוגעדינט. אַ ליבער שיינער טאָג אינמיטן פון האַרבסט — אַ געבענטשטער טאָג, ווען דער חשק צו לעבן איז אַ סך גרעסער.

אָבער ווי די באַן איז אַריינגעפאָרן צווישן די הויכע וועלדער, איז געוואָרן אין באַן שטאָק פינצטער. די פּאַסאַזשירן האָבן זיך געשפּאַרט. טייל האָבן געזאָגט, אַז דאָס איז צוליב די וועלדער. אַלטע, געדיכטע וועלדער. די אַנדערע האָבן געדרייט מיט די קעפּ, געוויזן מיט די פינגער צום הימל. עס קאָן זיין אַ רעגן, און איידער מען האָט פאַרענדיקט דאָס וואָרט, איז אַראָפּ אַ רעגן מיט אַזאַ קראַפט, מיט אַזאַ בייזן געיאָמער, עס האָט מיט רציחה זיך געוואָרפן אויף די שויבן, און אויף די פּאַסאַזשירן. דער עולם איז געוואָרן שטילער, אומעטיקער און מאירן איז געווען ערגער פון זיי. וווהין פאָרט ער דען? צו וועמען פאָרט ער? עס האָט אים זייער באַנג געטון און אין סאַמע מבול האָט דער צוג זיך אָפּגעשטעלט. עס איז סאַרנאַק.

דער מבול ווערט שטאַרקער. דער הימל איז פינצטער און די ערד זידט פון שלאַקס רעגן, וואָס רייסט וועלטן. עס איז אָבער נאָך נישט סאַרנאַק, — אַן אומ־גליק. מען דאַרף איצט זיך אַריינזעצן אין אַ וואָגן און אין אַזאַ מבול פאָרן גאַנצע פינף קילאָמעטער. ער האָט אָבער געהאַט אַ נס, וואָס אין וואָגן איז ער געזעסן צווישן צוויי דיקע פאַרשוינען, האָט ער זיך געפילט ווי הינטער צוויי ווענט. די צוויי פאַרשוינען האָבן אויף אים געקוקט מיט שנאה. זיי האָבן געהאַלטן אין איין רוקן זיך אויף מאירן. און דאָ איז דאָס פערד און וועגעלע געפלויגן אין דעם מבול באַרג אַרויף, באַרג אַראָפּ און דאָ האָט זיך עס געטון אַ וואָרף און אַרויסגעוואָרפן די פאַרשוינען, אַריינגעפאַלן אין אַ וואַסער. איז געווען אַ נס, וואָס דער בעל־עגלה איז געווען אַ גוטער און אַ שטאַרקער יונג, איז ער פלינק צו צום וואַסער און האָט זיי אַלע ווי פישלעך, אַרויסגעכאַפּט און זיי אַריינגוואָרפן אין וואָגן און „וויאָ!״.

מאיר האָט זיך געפילט ווי ער וואָלט געווען אַ באַלאַן מיט וואַסער. ער האָט נעבעכדיק אָנגעקלאַפּט אין בעל־עגלהס פּלייצעס: — עס איז דאָ ווו אַריינצופאָרן? דער בעל־עגלה איז געווען אין כעס, האָט גאָרנישט געענטפערט. איצט אין אַזאַ בראָך האָט דער יינגל אין זינען ווו אַריינצופאָרן! וויאָ!

מאירן האָט וויי־געטון דאָס האַרץ אויפן שטעטל. ער האָט שוין געזען די ערשטע הייזלעך, צעווייקטע. דער רעגן גייט אויף זיי מיט אַזאַ אכזריות ווי זיי צעזעצן פינצטערע הייזקעס. ווער ווייסט ווו עס זענען די מענטשן. דאָס שטעטל צעשווימט אין רעגן. אָבער אָט האָט דער בעל־עגלה אָפּגעשטעלט דאָס פערד און צו אים האָט ער אַ זאָג געטון: — אַראָפּ! טשיפּעלע, טשיפּעלע! — האָט ער

געשריגן. אַ טיר האָט זיך אָפּגעשפּאַרט, האָט דער בעל־עגלה געשריגן: — נעם אַ פּאַרשוין! און אַ פרויען־שטימע האָט זיך געלאָזט הערן: — אַהער, אַהער, זייט מוחל. דאַ, דאָ! טשיפּעלעס פּרום פּנים האָט געמאַכט אַ מינע ווי צום וויינען:

— ווי איז מיר, עטס זענט געגאַנגען צופוס?

— איך בין אַרויסגעפאַלן פון וואָגן.

— וויי, וויי איז צו מיר ווי עטס זעט אויס. אויסגעווייקט. קומטס אין קיך אַריין. ציטס אַראָפּ אייער מאַנטל, הענגטס עס אויף אויפן אויוון. איך גיב אייך אַ שיסל וואַסער. און אַ הייסע גלאָז טיי און אַריין אין בעט. וויי, וויי צו מיר!

ווי אַ שררה איז מאיר געלעגן אין בעט. זיין קאָפּ אַרומגערעמט מיט ווייסע קישנס.

— יונגערמאַן, קען מען וויסן, וואָס אייך האָט געברענגט אין סאַרנאָק?

— איך בין אַ לערער.

— אַזוי. אַלע לערערס האָבן דאָ געוווינט. עס איז זיי אַלע געווען נישט שלעכט.

— איר קאָנט מיר אפשר זאָגן ווי אַזוי איך וועל דאָ קריגן לעקציעס?

— דאָס איז גאָרנישט. איר וועט מאָרגן אינדערפרי, מ׳זאָל דערלעבן, אויפהענגען אין בית־מדרש אַ צעטל, אַז איר זענט דער נייער לערער און אַז איר וווינט ביי טשיפּעלען. דאָס איז אַלצדינג.

דער רעגן האָט נאָך גאַנץ שטורמיש געקלאַפּט אין דאַך און מאירן פאַרגעניגנדיק אַריינגעצויגן אין שלאָף.

— עטס שלאָפט שוין?

— האַ?

— פון בית־מדרש זאָלט איר אַריינגיין דאָ אַקעגן צום בשמים־געוועלב. פיינע מענטשן. רייכע מענטשן. זייער מיידל לערנט זיך ביי אַלע לערערס.

— ווי הייסט ער?

מנשה ליפּין.

— אַ גוטע נאַכט.

**
*

מאיר האָט געטון ווי טשיפּעלע האָט אים געזאָגט. ער האָט אין בית־מדרש אויפגעהאנגען אַ גרויסן פּאַפּיר מיט גרויסע אותיות, אַז ער, מאיר ראָזשיק, איז דאָ דער נייער לערער: — מיין דירה איז ביי טשיפּעלען! ער האָט זיך גלייך אָפּגעטראָגן נישט־באַמערקט און איז צוגעגאַנגען צום בשמים־געוועלב, וואָס איז

אַקעגן טשיפּעלען. דאָס שטעטל איז איצט געווען באַרוקט ווי נאָך אַ קרענק. גע־קומען צו זיך. טרוקן, אָפּגעוואַשן און די זון קוקט שוין מיט אַ האַלב אייגל. ער איז געווען צופרידן מיטן שטעטל, וואָס שיינט צו אים. ער האָט גלייך געטראָפן צום געוועלב מיט די בלעכענע שילדלעך אויף די טירן מיט כינעזער מיט פּעק טיי אויף די פּלייצעס. מנשה ליפּין איז אים אויך געפעלן, ווי דער שענסטער באַ־לעבאָס אין סאַרנאָק. אַן אײדל, גוט פּנים און עס זעט אויס אַז עס איז אים גוט, אַז מ׳האָט אַזאַ געוועלב!

— ווען זענט איר געקומען? וווּ וווינט איר? ווי רופט מען אייך?

— בינעלע, אַ נייער לערער. דאָס רוף איך אייער שילערין.

בינעלע, אַ שיין העל־בלאָנד מיידל מיט אַ צעפּלאָשעטן קאָפּ האָר ווי ביי אַ קינד, וואָס דאַרף זיך אַליין פאַרקעמען. קינדעריש איר שטימע און אירע מאַנירן, ווי עס וואָלט זיך געפּיעשטשעט.

מאיר האָט געשמייכלט צו זיין שילערין. ער האָט געזען אַ שיינקייט וואָס קוועלט אַרויס פון דער נשמה.

בינעלעס טאַטע האָט געלאַכט:

— איך לאַך, וואָס אַזאַ יינגער לערער.

— איך בין שוין ניינצן (צוגעלייגט זיך אַ גאַנץ יאָר).

— איר מוזט זיין זייער אַ פּעיִקער.

— איך האָב ליב לערעריי. אַז איך גיב אַ לעקציע, נעם איך גלייכצייטיק פאַר מיר אַ לעקציע.

— אַ שיינער זאָג! גייט אַריין אין שטוב, גיט איר די ערשטע לעקציע.

מאיר איז געווען אין התפּעלות פון זיין שילערין. זי האָט לאַכנדיק געכאַפּט זיינע ווערטער ווי זי וואָלט געכאַפּט איר באַלעם. איר האַנט האָט כסדר געפלאָ־שעט אירע האָר ווי אַ סגולה פאַרן זכרון.

— דאָס ווייס איך.

— דאָס געדענק איך.

ער איז געווען אויסער זיך.

— דו קאָנסט אַליין זיין אַ לערערקע — האָט ער איר געמאַכט אַ קאָמפּלי־מענט.

זי האָט זיך צעלאַכט און האָט געהאַלטן דאָס פּנים אין איר האַנט.

— אוי, אוי! — האָט בינעלע געפּלאַטערט — ווי דער לערער מאַכט מיט דער האַנט ווי ער וואָלט מיר געלערנט מוזיק.

בינעלעס מאַמע, אַ יונגע פרוי מיט גרויסע שיינע אויגן, האָט געשמייכלט צו איר מאַן, אַז עס געפעלט איר.

— נעמט זיך נישט צופיל איבער מיט אייער שילערין — האָט בינעלעס טאַטע געשמייכלט — זי איז שוין אַן אַלטע מויד. פופצן יאָר...

בינעלעס העל פּנים האָט זיך צערויטלט און עס האָבן זיך פאַנאַנדערגע־ברענט אירע טונקל־בלויע אויגן.

מאיר האָט זיך געאיילט צוזוגיין צו זיין דירה, אפשר וואַרטן מענטשן.

— אין אָוונט — האָט אים בינעלעס טאַטע געזאָגט — זאָלט איר געבן אַ צווייטע לעקציע.

די מוטער האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ אויף הסכמה.

— יאָ, יאָ! — האָט דער פאָטער געלאַכט — קומט באַצייטנס, וועט איר מיט אונדז מיטהאַלטן וועטשערע.

— אַ שיינעם דאַנק!

ער איז מיט אַ שמייכל צוגעגאַנגען צו דער דירה און מיט אַ שמייכל איז אים טשיפּעלע אַנטקעגנגעקומען:

— עס וואַרטן אויף אייך עטלעכע מענטשן. זיי וואַרטן שוין לאַנג.

— אַנטשולדיקט!

**
*

דריי זענען זיי געווען. איינער פון אַ יאָר פופציק. מיט אַ ברייטן, האַרטן קאַפּעליוש. אַ צווייטער, אַ דאַרער, מיט נישט־ריינע בלויע אייגעלעך, אַ שפּיציק קליין געל בערדל. האָט געצויגן אַ פּאַפּיראָס. פון ביידע נאָזלעכער און פון מויל איז געלאָפן רויך. פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָסל ביים פריִערדיקן און ווייטער גע־צויגן. דער רויך לויפט פון אים ווי פון אַ קוימען. דער דריטער, אויך אַ דאַרער, אָבער אַ שוואַרצער מיט בליִץ־שוואַרצע אויגן. דער מיטן האַרטן קאַפּעליוש איז געלאָסן צוגעגאַנגען צום לערער:

— איר זענט עס דער לערער?

— יאָ.

— איר קאָנט דאָ נישט זיין דער לערער. איך בין דער לערער. עס איז מיין שטאָט.

טשיפּעלע איז אַריינגעלאָפן מיט אַ ליאַרעם:

— איר דאַרפט אַהיימפאָרן — האָט געזאָגט דער מיטן פּאַפּיראָסל.

— און שוין — האָט געבליִצט דער שוואַרצער.

— רעדסט נאָר מיט מיר. זאָגטס מיר נאָר גלייך אין די אויגן, בוטשיק, עטס זענט אַ לערער?

— איר האָט נישט וואָס צו זאָגן — האָט איר אַריינגעזאָגט דער מיטן פּאַפּיראָסל.

איז טשיפּעלע אַריין אין אַ גרימצאָרן און זיך צעשריגן:

— אין מיין הויז האָב איך נישט וואָס צו זאָגן?! אין מיין שטוב, ביי מיר האָב איך נישט וואָס צו זאָגן?! אַרויס! אַרויס! געגאַנגען, געגאַנגען! ווייטער, ווייטער! איך נעם דעם בעזים!

— נאָך אַ מינוט —האָט טשיפּעלע געסאָפּעט— וואָלט איך זיי דערלאַנגט איבער די קעפּ. זי האָט צו זיי אין פענצטער געמאַכט מיט דער האַנט, אַז זי וועט זיי נאָך ווייזן וואָס זי קאָן.

**
*

ער איז אַריין צו בינעלעס טאַטע־מאַמע אַ שטיק צייט פאַר דער וועטשערע. די אויפרעגונג האָט אים געיאָגט. סאַרנאַק שטייט אין קאָן זיין פּנים האָט געקלאָגט, באַגאָסן מיט אַ מינע פון אַ געלעכטערל, ווייל ווי קאָן ער עס אַריינקומען צו פרעמדע מענטשן מיט אַ געוויין. דאָס געלעכטערל איז געווען די מאָדנע מעשה מיט די „האָצמאַכס", דער מיטן האַרטן קאַפּעליוש, דער מיטן פּאַפּיראָסל און דער שוואַרצער קאָטער מיט די בליציקע אויגן און איצט טשיפּעלע... ווען נישט דאָס אומגליק מיט זיין פאַרשפּילטער לערעריי איז דאָך עס אַ מעשה צום לאַכן, כאָטש פאַר אַהיים, דערציייל עס דעם טאַטן, וועט ער האָבן וואָס צו לאַכן. אָבער בינעלעס טאַטע האָט נישט געלאַכט. ער איז געווען זייער ערנסט און פאַרשעמט: דער יונגערמאַן, אַ לערער, אַזאַ פּעקער לערער ווי מאיר ראָזשיק וועט עס פאַנאַנדער־טראָגן איבערן גאַנצן לאַנד און מען וועט זיך האַלטן ביי די זייטן פון געלעכטער איבער סאַרנאַק.

— איך האָב גרויס עגמת־נפש. אין בית־מדרש האָט זיך געטון אויף טיש און אויף בענק. דאָס ערגסטע איז, וואָס אַ האַלבער בית־מדרש האַלט מיט דעם בוטשיקן. אַ פּראָסטע שטאָט — ווער זענען זיי דען! דער בוטשיק איז אַ היגער. ער זאָגט, אַז מיט צוואַנציק יאָר צוריק איז ער געווען אַ לערער. און פאַר די צוואַנציק יאָר איז ער געווען אויף דער גאַנצער וועלט. וואָס ער האָט אַזוינס געטון אויף דער גאַנצער וועלט ווייסט קיינער נישט. אָבער איין זאַך ווייסט מען יאָ, אַז מיט עטלעכע וואָכן צוריק האָט מען אים אָפּגעשיקט מיטן עטאַפּ קיין סאַרנאַק.

קײנער װײסט נישט גענױ װאָס און װען. װײל ער איצט זײַן אַ לערער. אַ האַלבע שטאָט אָבער האַלט מיט אים. אַ פּראָסטע שטאָט!

נאָך דער װעטשערע האָט מאיר זיך אָנגענומען מיט מוט און זיך גענומען צו דער לעקציע. מאיר האָט זיך געפֿילט געשמײכלט, װי בינעלעס עלטערן זענען אים גינציק, זײ זענען צו אים מיט סימפּאַטיע, אַז זײ קוקן אױף אים װי ער װאָלט געװען זײערס אַן אײגענער, אַ לײבלעכער קרוב. נאָך אַ פּאָר מינוט צײַט איז ער אַרײַן אין טראַנס פֿון לערערײַ. ער האָט אין בינעלען דערװעקט דעם חשק צו הערן און אױפֿכאַפּן. זי האָט געלאַכט פֿרײדיק װי דער לערער מאַכט צו איר מיט דער האַנט װי ער װאָלט איר געלערנט זינגען.

— איר זעט, איר זעט?

טאַטע־מאַמע האָבן זיך איבערגעװוּנקען װעגן לערער װי זײ װאָלטן זיך פֿאַר־שטעלנדיקט נישט אַװעקצולאָזן דעם לערער. זי האָט געמאַכט אַ זשעסט מיט דער האַנט, ער זאָל דאָ בלײַבן. די מויד האָט דאָס באַמערקט, האָט זי צו זײ געשמײכלט און זײ װידער האָבן זיך איבערגעשמײכלט, װאָס זי פֿאַרשטײט אַלץ. — נישט קײן חידוש, אַ מײדל פֿון פֿופֿצן יאָר.

די לעקציע איז אַדורך טאַקע װי מוזיק. בינעלעס טאַטע האָט געמאַכט מאירן אַ סיורפּריז:

— איר פֿאַלט גאָרנישט אַראָפּ פֿון זיך. זוכט נישט קײן לעקציעס. איר בלײַבט מיט אונדז. מיט בינעלען װעט איר האָבן צװײ לעקציעס אין טאָג. אָבער װאָס עפּעס בלױז לעקציעס. איר זעט דאָך, מיר פֿירן געעשפֿטן, װעט איר אונדז עפּעס העלפֿן, נאָר עפּעס. איר בלײַבט מיט אונדז. איך און אַזױ מײַן װײַב האָבן אין אײַך דערזען אַ סימפּאַטישן יינגערמאַן.

מאירס אױגן האָבן געגליט, בינעלע האָט געהאַלטן דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט און האָט זיך געמאַכט נישט הערנדיק.

— און יאָ, לערער, איר דאַרפֿט אָנשרײַבן אַ בריװ צו אײַערע עלטערן און שרײַבט זײ נישט קײן קלאָגעװודיקן בריװ, װאָס איר לערנט נישט גאַנץ סאַרנאַק. שרײַבט זײ דעם אמת, אַזױ װי עס איז.

בינעלעס מאַמע האָט זיך געפֿילט גערירט. אַ טרער האָט אַרױסגעפֿינקלט פֿון איר רעכט אױג.

— נאָך װאָס דאַרף ער צאָלן דירה־געלט? — האָט בינעלעס מוטער צוגע־געבן— עס פֿעלט אונדז נישט גאָט צו דאַנקען קײן צימערן; איר קאָנט אױסקלײַבן װעלכן איר װילט.

מאיר האָט אָנגעשריבן אַ בריװ צו טאַטע־מאַמע. ער האָט אים געשריבן

אינדערפרי. ער איז געווען גערירט פון דער פריינטלעכקייט, פון דער צוגעלאָזנ־קייט. ער האָט געפילט ליבע...

בינעלע האָט געזאָגט דעם לערער, אַז זי וועט אים ברענגען זיינע זאַכן.

— גאַנץ גוט, גאַנץ גוט! — האָט דער פאָטער געזאָגט — גלייכער די ערשטע טעג נישט צו זיין אין גאַס.

מאיר האָט געשריבן זיינע עלטערן, אַז ער האָט אַ לעקציע ביי דער משפחה ליפין. איך וווין אין זייער הויז. איך בין ביי זיי ווי אַן אייגן קינד. און וואָס שייך מיין שילערין: וואַקסט זי אַ למדן. זי איז די בעסטע שילערין וואָס איך האָב ווען געהאַט. ביי די לעקציעס נישט נאָר וואָס איך לערן איר, נאָר איך לערן זיך. איך פיל, אַז ווען איר וואָלט דאָ געקומען — עס איז דאָך נישט ווייט, — אָדער איינער פון אייך זאָל דאָ קומען, וואָלט מען אייך אויפגענומען ווי עס פּאַסט פאַר איידעלע מענטשן. — אייער מאיר.

אַז עקיבא ראָזשיק, מאירס טאַטע, האָט איבערגעלייענט דאָס בריוול האָט ער גאָרנישט געלאַכט. ער האָט זיך גאָרנישט געוויצלט איבער זיין מאירן. ער האָט דעם בריוו איבערגעלייענט פאַר זיין ווייב. ער האָט אין געוואָלט פאָרלייענען דעם בריוו מיט דעם ניגון ווי ער האָט עס געפילט. דו הערסט? דו פאַרשטייסט? האָסט זיך דאָ געכאַפּט? איך מוז דיר זאָגן, אַז אונדזער יונג האָט מזל.

***

בינעלע האָט געברענגט דעם לערערס זאַכן. זי אַליין האָט אויסגעפּוצט דעם צימער פאַרן לערער. דער גאַנצער טאָג איז ביי זיי געווען אַן אינטערעסאַנטע לעקציע. דאָ האָט ער געלייענט פאַר איר ליטעראַטור און דאָ האָט זי געלייענט. האָט זי ווידער פאַר אים פאָרגעלייענט אַ שריפטלעכע אַרבעט און ער האָט דער־רויף געגעבן זיין אָפּשאַצונג. און דאָ האָט מען סתם גוט פאַרברענגט אין פריי־לעכע שמועסן. מען האָט אויך געלאַכט און אַרומגעשטיפט, אַזוי ווי אַ לערער פון אַכצן און די שילערין פון פופצן. ער האָט געהאַט דאָס געפיל, אַז ער וואָלט אַן זיי נישט געקענט לעבן. דאָס זעלבע האָט אויך בינעלע געפילט. זי האָט דאָך שוין געהאַט לערער, אָבער וואָס פאַר אַ פאַרגלייך! זי רעדט נישט וועגן זיי. זי טראַכט נישט וועגן זיי. מאירס קומען אַהער האָט זיך איר אויסגעוויזן אַ מיסטעריע.

***

אַ שמחה. מאיר איז אויפגערעגט פון פרייד און אַט איז אַ בריוול פון דער מאַמע. זי קומט אויף שבת. זי שרייבט, אַז די גאַנצע צייט, וואָס דו ביסט נישטאָ

געפין איך מיר נישט קיין אָרט. דו פעלסט מיר. אמת, דיין טאַטע לאַכט פון מיר; דערויף איז ער דאָך נאָר אַ טאַטע. אַ מאַמע איז אַביסל אַנדערש; פרייטיק, מ׳זאָל דערלעבן, וועל איך צו דיר קומען.

די דריי טעג ביז פרייטיק, זענען אַלע געווען אין דערוואַרטונג. בינעלע האָט געמאַכט דעם לערערס צימער נאָך שענער... מען האָט זיך געגרייט. עס האָט זיך געטון. מאיר האָט מיט אַ שמייכעלע באַמערקט, ווי בינעלע האָט זיך לייטיש פאַר־קעמט די האָר ווי אַ פריילן, און אַז די איצטיקע פריזור האָט איר געמאַכט אַביסל עלטער און מיט מער חשיבות. זי איז געוואָרן ערנסטער, ווי אויפצונעמען אַן עלטערע פרוי, דעם לערערס מאַמע.

***

באַלד פרייטיק צו־נאַכטס האָט מען זיך אָנגעלאַכט פאַר אַלע טעג ביז היינט. מאירס מאַמע האָט געקוקט, געקוקט רעכטס, לינקס און זי האָט פון אַלץ געהאַט אַן הנאה. עס איז איר געפעלן געוואָרן דאָס הויז, די מענטשן, סימפּאַטישע מענ־טשן. אַזוי ער און אַזוי זי, די ליפּינס, און די בינעלע, איר זונס שילערין, איז דאָך אַ טייערינקע, האָט איר בינעלעס טאַטע אַ פראַגע־געטון אומגעריכט:

— וואָס זאָגט איר עפּעס צו אייער זונס שילערין?

די אַלטע האָט זיך דערפון גאָרנישט איבערראַשט. זי האָט זיי געענטפערט גאַנץ פשוט:

— איך ווינטש זיך צו האָבן אַזאַ שנור....

די שטוב האָט געפלאַצט פון געלעכטער...

# זיין לייבעלע

דער אַלטיטשקער שמאי איז זיך ווי אַ קייסער געזעסן אינעם הילצערנעם פּאָטעל אויף רעדלעך און מיט פאַרגעניגן זיך צוגעקוקט ווי זיין לייבעלע אַרבעט — זיין לייבעלע! זיין קינד! זיינע אַלטע אויגן האָבן געשמייכלט צו לייבעלען: ווי שיין ער איז! ווי שטאַרק ער איז! אָט האַלט ער אַזאַ גרויסע ברעט מיט איין האַנט, נאָר מיט דריי פינגער! די טיפע קנייטשן אין זיין אַלט טונקל פּנים זענען פול מיט פרייד. דער אַלטיטשקער שמאי האָט שוין נישט געאַרבעט ביי זעקס יאָר. ער איז שוין אַלט געווען פיר און זיבעציק יאָר, אַ זקן. לייבעלע האָט אים נישט געלאָזט זיך צורירן צו דער זעג און הובל. לייבעלע איז שוין געווען אַ סטאָליער, אַ גוטער סטאָליער. דער אַלטער האָט געוואָלט אַרבעטן, אַרבעטן ביז צום סאַמע סוף. לייבעלע האָט אים אַרויסגענומען פון האַנט די זעג און דעם הובל: — טאַטע, דערויף בין איך דאָ! מיט צוויי יאָר צוריק איז דער אַלטער געוואָרן אָפּגעשוואַכט אין די פיס; די פיס זענען דאָ, אָבער זיי גייען נישט. דער אַלטער האָט אָבער נישט געוואָלט אַריינקריכן אין בעט און ליגן. האָט אים לייבעלע געמאַכט אַ הילצערנעם פּאָטעל אויף רעדלעך. דעם פּאָטעל פאַרפּוצט מיט זילבער־פּאַפּיר און דער טאַטע זיצט זיך ווי אַ קייסער...

דער טאַטע זיצט אויף דער שטול אין וואַרשטאַט, — דאָס איז זייער ביידנס פאַרגעניגן, דעם טאַטנס און לייבעלעס. לייבעלע האָט שוין אוודאי הונדערטער מאָל געהערט פון טאַטן, ווי ער, לייבעלע, איז געקומען אויף דער וועלט, ווי דער טאַטע האָט אים געהאָדעוועט. עס איז געווען ערגער ווי ביטער. און וואָס עלטער עס איז געוואָרן דער טאַטע, שוואַכער אויף די פיס, געוואָרן קלענער, דאַרער, אַלץ מער האָט ער גערעדט. זיין מויל האָט זיך אים גאָרנישט צוגעמאַכט. און גערעדט האָט ער נאָר וועגן לייבעלען און עס האָט אים פאַרדראָסן, ווען עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז לייבעלע הערט נישט. ער האָט זיך געפּיעשטשעט ווי אַ קינד, אַ טרערעלע אין זיין אויג. זיינע אַלטע ביינער זענען אים געוואָרן וואַרעם, אַז ליי־

בעלע האָט זיך אָפּגעשטעלט אים אויסצוהערן ווי ער הערט עס איצט דאָס ערשטע מאָל. — זיי האָבן נישט געוואָלט איך זאָל חתונה האָבן. — ביסט אַן אַלטער, ביסט שוין באַלד זעכציק יאָר. וואָס דו ווילסט נאָך מאַכן אַ ברית?... איך האָב חתונה געהאַט מיט דיין מאַמען. זי איז אַלט געווען צוויי און דרייסיק יאָר. אַזאַ שיינע, האָבן זיי געלאַכט. זיי האָבן נישט געוואָלט דו זאָלסט ווערן געבוירן. דו ביסט געבוירן געוואָרן, האָבן זיי געלאַכט און געמאַכט חוזק פון מיר. געלאַכט אין גאַס. דיין מאַמע איז געווען אַ קראַנקע. זי איז געשטאָרבן. איך האָב דיר געבראַנגט פון דער אַם, האָבן די קינדער דיך געשלאָגן. איך האָב זיך נאָך זיי געיאָגט: — איר זאָלט לייבעלען נישט אָנרירן! דאָס האָבן זיי די מאַמעס אַזוי געהייסן. יאָ, יעדן טאָג, מיין לייבעלע ווײנט אין גאַס. איך לויף אַרויס מיטן בע־זים. די קינדער אַנטלויפן. זייערע מאַמעס האָבן געלאַכט. זיי איז געגאַנגען, אַז דו זאָלסט נישט לעבן...

— דעם אַלטנס אויגן האָבן געפינקלט צו לייבעלען.

און גאָר לעצטנס האָט עס דעם אַלטיטשקן שטאַרק אויפגערעגט, וואָס לייבעלע איז אַזוי רויק דערפון וואָס זיי האָבן נישט געוואָלט ער זאָל זיין אויף דער וועלט.

— דו וועסט זיי שווייגן? — חלילה!

זיינע אויגן האָבן געבליצט: „חלילה!“.

לייבעלע האָט געלאַכט מיט זיין שיינעם פּנים און די טייערע אויגן:

— טאַטע, די קינדער זענען היינט שוין גרויסע, מיינע חברים.

— חלילה, לייבעלע, זיי זענען שונאים! שונאים!

— טאַטע, וואָס זאָל איך זיי טון? — האָט לייבעלע געלאַכט.

— דו ווייסט! דו ווייסט! לאָך נישט, לייבעלע. בלוט טריפט פון מיר. בלוט!

— טאַטע, איך געדענק דאָך נישט ווער עס האָט מיר געשלאָגן — האָט לייבעלע געשמייכלט.

— איך וועל דיר שוין ווייזן!

— קום, טאַטע!

און לייבעלע האָט אַרויסגעפירט דעם טאַטן אין דעם הילצערנעם פּאָטעל אויף רעדלעך. ער האָט אים אַרויסגעפירט אין גאַס נעבן די סעדער. דעם אַלטנס אויגן האָבן געבליצט. יינגלעך און מיידלעך פון געסל זענען קעגנגעלאָפן מיט געלעכטער: „לייבעלע, לייבעלע“!

— טאַטע, ער?

— יאָ, יאָ!

לייבעלע האָט פאַרביסן אַ ליפּ, אַ כאַפּ געטון אַ יינגל אין דער לופטן. דעם יינגלס פּיס האָבן זיך געוואָרפן ווי די פּיסלעך פון אַ געכאַפּטער פליג. דער אַלטער האָט אָנגעקוואָלן. ער האָט געלאַכט מיט אַלע קנייטשן פון זיין אַלט פּנים:

— גענוג. לאָז אים!

— טאַטע, זי אויך?

— יאָ, יאָ!

לייבעלע האָט פלינק אַ כאַפּ־געטון דאָס מיידל. געהאַלטן איר מיט איין האַנט אין דער הויך. זי האָט געקוויטשעט. דער אַלטער האָט זיך געפרייט. געוווּנקען צו די מענטשן:

— גענוג! לאָז זי!

און לייבעלע האָט אַ צעשמייכלטער צוריקגעפירט זיין אַלטיטשקן טאַטן אין הילצערנעם פּאָטעל אויף רעדלעך און קינדער, קליינע און גרעסערע זענען פריי־לעכע נאָכגעלאָפן: „לייבעלע, לייבעלע!“...

# פאַרט מען ווייטער

אַדורכגעקוקט־טעטער האָט גבריאל געפרעגט פאַרבייגייענדיקע ייִדן:

— ווו קען איך טרעפן פּליטים?

זיי האָבן אים צוגעפירט צו וואַרשאַוועשיקס צוקערניע. די צוקערניע איז געווען פול מיט ייִדישע פּליטים. וואָלקנס רויך פון די פּאַפּיראָסן האָבן זיך בידע־ריק געדרייט אין דער לופט. די זון האָט „אַריינגעשאָסן" אין פענצטער. עס איז גבריאלן באַלד געוואָרן וואַרעם און הײמיש. זיין נאָז האָט אַריינגעצויגן דעם ריח פון מאַנדלען. ער האָט זיך מחיה געווען. ער האָט שוין לאַנג נישט געהאַט אַזאַ גן־עדן. פון אַלע זייטן האָט מען צו אים געצויגן די הענט: „שלום־עליכם". פון זיין זינגענדיקן ייִדיש האָבן זיי באַלד דערקענט, אַז ער איז אַ וואַרשעווער ייִנגל.

— ווען געקומען? וואָס דערציילסטו?

— פרוי וואַרשאַוועשיק! — האָט אַ נידעריקער, אַ דיקלעכער מיט אַ וואָ־לעניעם שאַל איבער די אַקסלען און מיט אַ שמייכלענדיקן פּנים געררופן די באַלעבאָסטע — גיט דאָ אַ קאַווע מיט עטלעכע קיכלעך. אַ נייער פּליט.

גבריאל האָט זיך מחיה געווען מיט דער הייסער קאַווע און מיטן קיכל. עס מאַכט אים אַזוי גוט. דער וואָס איז געזעסן ביים זוניקן פענצטער און גע־האַלטן דעם קאָפּ נידעריק, פאַרטיפט אין אַ ייִדישער צייטונג, האָט זיך איצט געכאַפּט, אַז עס איז אַריינגעקומען אַ נייער פּליט, האָט ער מיט זיינע קורצזיכ־טיקע אויגן באַטראַכט דעם וואַרשעווער בחורל, וואָס זעט אויס ווי נאָר־וואָס אַראָפּ פון דער מאַמעס שויס. זיין קינדעריש פּנים און זיינע גרויסע אויגן ווי ביי אַ קינד, וואָס איז איצט צום ערשטן מאָל אַריין אין אַ פרעמדער שטוב. דער דאָזיקער ייִד מיטן בלאָנדן קאָזע־בערדל האָט זיך פּלוצלינג צעבייזערט אויפן וואַרשעווער ייִנגל:

— וואָס עפּעס אַליין געקומען? וואָס טוט זיך עס מיט אַזעלכע טאַטע־מאַמע?

דער נידעריקער מיטן וואָלענעם שאַל האָט אַ ווונק געטון צו דעם מיטן איינגעפאַלענעם פּנים, וואָס האָט די גאַנצע צייט געשוויגן:

— בונם, פיר אים אַרויף, און טאַקע שוין.

בונם איז אַוועק מיט גבריאלן צו דער קיך פון די פּליטים. ער האָט אים דאָ פאַרשריבן, ער זאָל דאָ עסן דריי מאָל אין טאָג. ביי אַן אַנדער טישל האָט ער אים פאַרשריבן אויך אַ נאַכט־לעגער.

עס האָט דאָ געקרישט פון גרויסן עולם. עס איז נאָך געווען אַביסל צייט צו גיין צום טיש.

— די וועלט שלאָפט. ווו איז ענגלאַנד ? ווו איז אַמעריקע ? ! — האָט אַ הויכער מיט אַ צעקנייטשטן קאַפּעליוש דאָס געפרעגט. — ווו זענען זיי ?

דער צווייטער, מיט אַ ברייט קרענקלעך פּנים, האָט געשמייכלט:

— עס וועט אַרויסקומען, נישט געזאָרגט.

דער הויכער האָט אים געוואָלט געבן אַ גאָב, ער זאָל נישט זיין קיין שוטה, אָבער מען האָט גערופן צום עסן.

גבריאל, דאָס וואַרשעווער יינגל, האָט געקוקט דאָ אויף דעם און דאָ אויף אַן אַנדערן. עס האָט אים געערגערט וואָס זיי רעדן אַזוי פיל וועגן וויזעס און פאָרן. דאָס האָט אים אַזוי געשטאָכן.

„פאַרוואָס עפּעס ווייטער פאָרן? עס איז דאָך דאָ אַזוי נאָענט פון וואַרשע, אַז די מלחמה וועט זיך ענדיקן, וועט מען אין פאַרלויף פון עטלעכע שעה זיין אין וואַרשע. ווי לאַנג געדויערט מיט דער באַן פון ווילנע קיין וואַרשע?"

אין אַ פּאָר וואָכן איז גבריאל געווען נישט צום דערקענען, אַ לעבעדיקער יונג. ביים טיש, ביים עסן אין דער קיך פון די פּליטים, איז ער געווען אַ גאַנצער ווערטל־זאָגער. גבריאל, אָדער גבריאל סטראָטשקע, אָדער בלויז סטראָטשקע, איז געווען גוט באַקאַנט צווישן די פּליטים. און ווי ער האָט געגעסן! מיט אַן אייזערנעם אַפּעטיט. ער האָט זיך פאַרשאַפט אַ סוועטער און וואַרעמע הענטשקעס און „נאַושניקעס" אויף די אויערן און ער האָט געלאַכט פון ווילנער ווינטער מיט די זאַוויערוכעס. ער איז געוואָרן אַ ספּעציאַליסט ווי צונויפצושטעלן אַ גוט קעסטל פּראָדוקטן אַוועקצושיקן אַ היים, אַריינלייגן אַהין אַזעלכע פּראָדוקטן, וואָס מען טאָר גאָרנישט אַרויסשיקן. טריף ווי חזיר. ער האָט דאָס אַליין אויסגעטראַכט. ער האָט געהייסן דעם בלעכער, וואָס האָט אים געמאַכט אַ בלעכערנע פּושקע פאַר דער געזאַלצענער פּוטער, ער זאָל אין דער פּושקע מאַכן צוויי דנאָען. אויבן האָט מען אַריינגעלייגט די פּוטער און אונטן טיי און קאַווע און אַ שטיקל שאָקאָלאַד פאַר פּערעלען. וואָלט ער נאָר געהאַט אַן אַמעריקאַנער

פּינפּערל וואָלט ער דאָס בכבוד גדול אַריינגערוקט. דער בלעכער האָט אָנגעקוואָלן פון וואַרשעווער יאַט. און אַהיים האָט ער געשריבן: „זוכט מיט שכל וועט איר נאָך עפּעס געפינען”. דערויף האָט ער געקראָגן אַן ענטפער: „ביסט דאָך אַ חכם”. אין דער היים האָט גבריליש נישט געוווּסט אַפילו ווי זיך אָנצוגיסן אַ גלאָז טיי און אין ווילנע איז ער געוואָרן אַזאַ פייערדיקער בריה. גבריאל האָט די דאָזיקע חכמה אויסגעזאָגט אין „סעקרעט” זיין היימישער חברה. ער האָט זיי געזאָגט: „גייט צו „מיין” בלעכער. ער קען שוין די מלאכה. ער האָט געברענט צו מאַכן וואָס מער קעסטלעך פאַר דער היים. עס איז געוואַקסן דאָס געזונט פון טאַטע־מאַמעס בריוו: „ווי גוט עס איז פון דיר צו קריגן אַ מתנה. ווי דאָס קינד האָט זיך צוגעכאַפּט צו דער שאָקאָלאַד”. דאָס האָט געקאָסט אַ סך געלט. איז וואָס־זשע? וועט ער צוליב דעם נישט מאַכן קיין קעסטעלע? ער האָט געאַרבעט אַ טאָג ביי אַ סטאָליער, אַ טאָג ביי „זיין” בלעכער און דאָ אין אַ סקלאַד פון קוילן און דאָ גאָר ביים צעהאַקן אַ קלאָפּטער האָלץ. אַ נפקא מינה, אַבי געלט, אַבי אַ קעסטל.

⁂

און דאָ אַזאַ בראָך! עס איז פּלוצלינג פינצטער געוואָרן אין גאַס. אַן איבערקערעניש, ווי מען דרייט איבער אַ הויז מיטן דאַך אַראָפּ. עס איז געווען אַזאַ שיינער טאָג און עס איז געווען שבת. גבריאל האָט זיך שפּאַצירט מיט זיין חברה איבער די ווילנער גאַסן. און דאָ אַ וויסט געלויף. מענטשן לויפן ווי משוגעים. די געוועלבער זענען שוין צוגעקלאַפּט. די גאַס איז פּוסט. שטייען מענטשן אין די טויערן, קוקן אַרויס און ווייסן גאָרנישט וואָס עס איז דאָ מיטאַמאָל געשען. און אָט לויפט פּאָליציי אויף פערד, אויף ראָווערן, מאַכן מיט די הענט, שרייען בקול קולות מען זאָל פאַרמאַכן די טויערן. און אָט עס גייט דאָס „רעכטע און געדעכטע” — רוסישע טאַנקן, אַזעלכע הויכע ווי די הייזער. די ערד ציטערט פון זייער טראַסק. די שויבן אין די הייזער קלינגען. וואָס איז דאָ געשען? און וואָס הייסט דאָס? גבריאל סטראָטשקע איז דערויף נישט געווען קיין מבין. ער האָט זיך אַרויסגעריסן פון אַ טויער און ארויף אין קיך.

די מענטשן האָבן דאָ אויסגעזען ווי זיי דרייען זיך אַרום אַ מת. זיי זענען געגאַנגען אויף די נעגל און גערעדט אַזוי שטיל ווי אויף נישט צו הערן. ירחמיאל פּוטערהיטל, דער פאַרוואַלטער פון קיך האָט מיט ביידע הענט, ווי ביים טרייבן הינער, אַרויסגעשאַרט דעם עולם. גבריאל איז אַראָפּ מיט זיין

חברה. ער האָט אין זיי אַריינגערעדט: „וועט מען פאָרן ווייטער, וועט מען פאָרן ווייטער"... מען איז געוואָרן לעבעדיק.

***

עס איז געוואָרן אַ גייעריי צו דער „ביוראָ", ווי אין שול אַריין צו מנחה. די מענטשן האָבן גאָרנישט געהאַט קיין מורא. מען ווייסט עס איז דאָך „ענ-קאַ-ווע-דע". זאָל זיין דער טייוול. גבריאל סטראַטשקע איז געווען דער סאַמע ערשטער. ער איז צו צו אַ רוסישן גויעץ מיט גראָבע אַרויפגעבויגענע ליפּן און האָט פון אים פאַרלאַנגט אַ וויזע אויף אַרויסצופאָרן. ער האָט דעם גויעץ אָפּגעבריט. זינט ער איז אַ מענטש, האָט ער נאָך אַזעלכעס נישט געהערט. ער איז געווען טויט-דערשראָקן. זיינע אייגעלעך האָבן געקוקט צום סופיט איבערן עולם. ער האָט מיט אַ פינגער איינעם אַרויסגערופן.

— נאָך וואָס ביסטו געקומען?

— אַ וויזע אויף אַרויסצופאָרן — האָט דער איינער, אַ שוואַרצלעכער, אַ קליינער מיט אַן אויסגעצויגן פּנים, אים געזאָגט דאָס זעלבע וואָס גבריאל.

דער גויעץ איז אַוועק און איז צוריקגעקומען. ווידער אַוועק און צוריקגעקומען. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט גלייך ווי צו האַלטן אַ רעדע. ער האָט אָבער געזאָגט נישט מער ווי:

— נאָך אַכט טעג וועל איך אייך קענען עפּעס זאָגן.

דער עולם האָט זיך אַרויסגערוקט און דער גויעץ האָט אָפּגעאָטעמט. מיטן היטל האָט ער זיך אָפּגעבלאָזן.

גבריאל איז שוין געווען אין „ביוראָ" אויפן זיבעטן טאָג. ער איז אַרויס-געקומען מיט דעם נייעס, אַז מען דאַרף צו זיי דערלאַנגען אַ ביטע מיט אַן „אויטאָביאָגראַפיע". ער האָט דאָס גלייך געלאָזט וויסן די פּליטים אין וואַר-שאַוועשיקס צוקערניע, די פּליטים, וואָס ער האָט געטראָפן אין גאַס זיך אַרומ-דרייען פאַרטראַכטע און זיין חברה האָבן געוואַרט אויף אים פאַר דער „ביוראָ".

גבריאל האָט געלאַכט פון די „באָיאַקעס" (פּחדנים), וואָס פרעגן קלאָץ-קשיות, קשיות אויף קשיות. איז עס נישט קיין פאַסטקע? וועט מען נישט אונדז פירן צו די ווייסע בערן? ווו וועט מען נעמען געלט אויף הוצאות? און וואָס שרייבט מען אין אַן „אויטאָביאָגראַפיע"? גבריאל איז פון די אַלע קשיות אַרויס-געקראָכן: „וועט מען, וועט מען; מען וועט שוין".

***

אַבי מען האָט געמיינט, אַז די „אויטאָביאָגראַפיעס״ זענען שוין פאַרברענט געוואָרן און דאָס אַש זייערס איז שוין אויך נישטאָ. עס האָט זיך ענדלעך אָפּגע־רופן. גבריאל סטראַטשקע האָט געקראָגן אַ צעטל, ער זאָל קומען וועגן זיין ביטע אויף אַרויסצופאָרן. נישט נאָר ער, — אַ סך האָבן דאָס געקראָגן. נאָר גבריאל האָט געקראָגן אַ צעטל צו קומען זיבן אָוונט. אַנדערע האָבן געקראָגן אַ צעטל צו קומען ניין אָוונט, עלף אָוונט און צוועלף אָוונט און נאָך שפּעטער אין דער נאַכט.

אַז גבריאל האָט זיך געמאָלדן, האָט אים אויפגענומען אַ מאָגערער בלאָנדין מיט קורץ־געשוירענע וואָנצעלעך. ער האָט אים געפרעגט צי ער ווייסט, אַז ער געפינט זיך אין אַ לאַנד פון דער בעסטער מלוכה? „איז וואָס־זשע ווילסטו פון אונדז גאָר אַרויספאָרן?״. דערויף האָט גבריאל סטראָטשקע געענטפערט, אַז ער ווייסט, אוודאי ווייסט ער, אָבער ער וויל זיין מיט זיין מאַמען אין אַמעריקע. מיין מאַמע איז אין אַמעריקע. האָט דער מאָגערער בלאָנדין אים ווידער גע־פרעגט: „וואָס אַזוינס וועסטו דאָרט אין קאַפּיטאַליסטישן אַמעריקע וועגן אונדז דערציילן?״ דערויף האָט גבריאל סטראַטשקע אים געגעבן אַ קלאָרן ענטפער: „דאָס בעסטע, ווי עס איז דער אמת. דאָס בעסטע״. האָט אים דער מאָגערער בלאָנדין ווידער געפרעגט: „ווו וועסטו נעמען אויף הוצאות? עס וועט דאָך קאָסטן ביי צוויי הונדערט דאָלאַר פאַר אַ בילעט ביז צו דער ערשטער סטאַציע אין יאַפּאַניע״. האָט אים גבריאל דערויף געפרעגט: „אַמעריקאַנער דאָלאַרן? מען טאָר דאָך נישט האַלטן אַמעריקאַנער דאָלאַרן ווי מען טאָר נישט האַלטן גנבהשע סחורה?״. האָט דער בלאָנדין געענטפערט גבריאלן זיסלעך און מיט אַ שמייכל: „אויב דאָס געלט איז פאַר אונדז — מעג מען...״

**
*

שוואַרץ איז געוועזן די גאַס פון המונים מענטשן. פּליטים, וואָס דאַרפן קריגן די וויזעס, נאָר מען קען נישט אַריין אין „ביורא״. עס איז דאָרט געפּאַקט. פּלי־טים, וואָס האָבן נאָך גאָרנישט אָנגעגעבן אויף אַרויספאָרן. זיי האָבן מורא געהאַט פאַר אַ פּאַסטקע. זיי האָבן נישט געגלויבט אין דער גאַנצער מעשה. איצט, אַז זיי זעען, אַז עס איז וואָר ווי דער טאָג, וועלן זיי אויך שרייבן אַ ביטע און די „אוי־טאָביאָגראַפיע״. ווילנער תושבים, וואָס האָבן אינגאַנצן נישט אָפּגעגעבן, ווייל זיי טאָרן נישט, ווייל זיי זענען שוין סאָוויעטישע בירגער און ווי קען אַ סאָוויעט־טישער בירגער אַרויספאָרן? עס איז זיי אָבער געוועזן טשיקאַווע דער גאַנצער ענין. „עס איז דאָך באמת אַ ציקאַווע מעשה״. „ציקאַווע — רופט זיך אָפּ אַ צווייטער —

עס איז דאָך אַ מעשה מיט דאָלאַרן. און צוויי הונדערט דאָלאַר פאַר אַ קאָפּ. אָט דאָס איז די מעשה״.

**
*

ביים באַן איז געווען אַ פאַרפּלייצונג פון מענטשן, וואָס זענען געקומען זיך געזעגענען. איז דאָס געווען אַ געזעגענען! ווי ביי „ונתנה תוקף״, יום־כיפור אין שול. די וואָס האָבן נישט געקראָגן די וויזע, זענען געווען שוואַרץ ווי קויל. זיי האָבן נישט געהאַט קיין כוח צו רעדן. זיי האָבן נאָר געקוקט צו די אַוועקפאָרערס. זיי האָבן אויסגעזען ווי פאַרמשפּעטע. עס האָבן געיאָמערט די ווייבער און קינ־דער פון די פּליטים, וואָס זענען נעכטן אַרעסטירט געוואָרן ביים אָנגעבן ביטעס אויף אַרויספאָרן. אַרעסטירט פאַר וועלן אַרויספאָרן. פון אַזאַ גוט לאַנד וויל מען גאָר אַרויספאָרן? סיידן די מענטשן זענען יענע „פייגעלעך״. „אַזאַ ביטערער גזר!״ איז געווען דער געיאָמער. „מען זאָגט, מען וועט זיי פאַרשיקן״. מען האָט זיך אַרומגענומען און טייכן טרערן האָבן זיך געגאָסן. „גאָט דער לעבעדיקער ווייסט, צי מיר וועלן זיך זעען״.

**
*

גבריאל מיט זיינע חברים זענען געווען צוזאַמען אין איין וואַגאָן. גבריאל, דער גרויסער העלד, האָט איצט אויסגעזען ווי אַ צעשראָקן קינד. „פאָרט מען ווייטער, ווייטער פון דער היים״. ער האָט געקוקט צום הימל, וואָס איז גאָרנישט ווייט פון וואַרשע, פון דער היים, פון טאַטע־מאַמע, פון פערעלען. די באַן איז אָבער געלאָפן. ווייטער־ווייטער. אַלץ ווייטער פון דער היים...

# דאָס קרעמל שטאַרבט

וואָס סערקע האָט עס אויסגעאַרבעט, אַז איר קרעמל זאָל נישט ווערן נאַציאָנאַליזירט! אַז זי זאָל ווייטער האָבן דאָס קרעמל ווי די גאַנצע פערציק יאָר און סטאַלין אַזש האָט זיך פאַר איר אָנגענומען, פאַר דער אַלטער, וויסטער אלמנה, וואָס איז באַלאָדן מיט פיר קליינע יתומימלעך, אירע אייניקלעך פון אַ טאָכטער, — קיילעכדיקע יתומים. מענטשן האָבן סערקען געוואָרנט, זי זאָל נישט אָנהייבן. זיי האָבן איר שיער נישט אַראָפּגעפירט פון וועג. סערקע איז אָבער אַלע אירע יאָרן, זינט איר חתונה, געווען אַ סוחרטע. זי איז פרי געוואָרן אַן אלמנה, האָט זי שטענדיק אַליין געטראַכט, וואָס זי האָט צו טון. עס האָט קיינער נישט פאַר איר געטראַכט. האָט זי גענומען ביי די הענטלעך אירע פיר קליינע יתומימלעך און איז מיט זיי אַוועק אין „גאָראָדסקאָיע אופּראַוולעניע". זי האָט געוווסט ווו צו גיין. זי האָט פאַר זיי אויסגעלייגט איר ביטער האַרץ, זי האָט זיי געוויזן אירע פיר שוואַלבן, יתומימלעך פון איר טאָכטער, וואָס לעבט נישט און זייער טאַטע לעבט אויך נישט און אַז זי אַליין איז „נישט פאַר אייך געדאַכט" אַן אלמנה שוין אַ סך יאָרן און דעריבער בעט זי, אַז מען זאָל איר פיצל קרעמל, וואָס איז אויף דער „גאון־גאַס", נישט נאַציאָנאַליזירן: — פון וואָס וועל איך לעבן מיט מיינע פיר שוואַלבן?

די מענטשן פון דער „גאָראָדסקאָיע אופּראַוולעניע" האָבן זיך אָנגעקוקט. זיי קענען גאָרנישט אויפטון: געזעץ איז געזעץ! זיי האָבן איר אָפּגעשיקט צו דער „פּאַרטיי". דאָס איז דאָס העכסטע, וואָס זיי האָבן איר געקענט זאָגן. סערקע האָט זיך נישט געפוילט, זי האָט גענומען אירע פיר יתומים און איז מיט זיי אַוועק צו דער „פּאַרטיי". זי האָט זיי דערציילט, אַזוי ווי זי האָט דערציילט אין „גאָראָדסקאָיע אופּראַוולעניע". זי האָט זיי געוויזן אירע יתומים און זי האָט זיי געבעטן, זיי זאָלן אַריינגיין אין איר לאַגע, מען זאָל איר פיצל קרעמל אויף דער „גאון־גאַס" נישט נאַציאָנאַליזירן. זי זאָל עס ווייטער האָבן, אַזוי ווי זי האָט עס

געהאַט די גאַנצע פערציק יאָר: — פון וואָס וועל איך לעבן מיט מיינע פיר שוואַלבן? עס האָבן זיך געוויזן טרערן אין סערקעס אויגן. די מענטשן פון דער „פאַרטיי" האָבן זיך ערנסט איבערגעקוקט. עס איז נישט קיין געוויינלעכע זאַך. עס איז אַ זאַך פון אַן אָרעמער, אַלטער פרוי. אָבער זיי האָבן אויך גאָרנישט גע־קענט אויפטון, וואָרום געזעץ איז געזעץ. אָבער דאָס, וואָס זיי קענען יאָ אויפטון, איז שיקן אַ טעלעגראַמע צו סטאַלינען, אים פרעגן, וואָס מען זאָל טון אין אַזאַ פאַל. זי האָט עפּעס מורא געהאַט צו זאָגן „יאָ". זי האָט זיך עפּעס דערשראָקן, אָבער זי האָט זיי געדאַנקט: „ספּאַסיבאָ".

— קינדער, זאָגט: „ספּאַסיבאָ"!

— „ספּאַסיבאָ"! — האָבן די יתומימלעך אויסגעזונגען.

עס האָט נישט לאַנג געדויערט, עטלעכע טעג, נישט מער און די „פאַרטיי" אין ווילנע האָט געקראָגן אַן ענטפער פון סטאַלינען און נאָך וואָס פאַר אַן ענטפער. ער האָט די „פאַרטיי" אין ווילנע אויסגעזידלט, וואָס זיי האָבן עס אַליין נישט פאַרשטאַנען, אַז גאָר אַנדערש איז, ווען מען האָט צו טון מיט אַזאַ מענטש ווי סאַראַ שפּאָן, וואָס איז אַן אַלטע, אַן אָרעמע און נאָך מיט פיר קליינע יתומימלעך. ווי האָט איר דאָס אַליין נישט פאַרשטאַנען?! זאָל זי האַלטן דאָס קרעמל אַזוי לאַנג ביז איר יינגסט אייניקל וועט אַלט ווערן פערצן יאָר — קלאָר!

די „פאַרטיי" האָט זיך געפילט זייער געטראָפן פון סטאַלינס טעלעגראַמע. ער האָט דאָך זיי געמאַכט אויסצודרייען, אַז זיי פאַרשטייען גאָרנישט, אַז זיי זענען קינדער. זיי האָבן זיך געאײלט צו פאַרריכטן זייער פעלער און האָבן שנעל גע־שיקט אַן עקסטראַ שליח, אַ שליח אַ יחסן, ער זאָל שוין אַריבערגיין צו סאַראַ שפּאָן אויף דער „גאון־גאַס" 29, איר ווייזן די טעלעגראַמע פון כאַווער סטאַלין און איר איבערבעטן, איבערבעטן, פאַר דער עוולה, וואָס מען האָט איר געלאָזט גאַנצע צוויי וואָכן אַרומגיין מיט קרענקונג. סערקע האָט זיך זיס צעשמייכלט און אין איין מינוט שפּעטער איז אַריינגעקומען צו סערקען אַ מענטש מיט אַ מאַשין און מיט אַ לאָמפּ. ער האָט זיך פאַר סערקען פאָרגעשטעלט, אַז ער איז פון דער „פאַרטיי" און אַז ער דאַרף איר פאָטאָגראַפירן. האָט סערקע גענומען אירע פיר יתומים און מיט זיי זיך אַוועקגעשטעלט פאַר דער מאַשין מיט דעם לאָמפּ. דער פאָטאָגראַפיסט האָט אַלע פינף געבעטן, זיי זאָלן שמייכלען.

— קינדער, לאַכט אַביסעלע! — האָט די באָבע זיי געזאָגט.

— זייער שיין, אַ דאַנק! עס איז אַרויסגעקומען גאָר פּרעכטיק.

און סערקע האָט צעשאַרט די הענט, דאָס קרעמל איז אירס. זי האָט אויף שנירלעך און דראָטלעך פאַנאַנדערגעהאַנגען מוסטערן פון איר סחורה: זאָקן און

נאָזטיכלעך, שעלקעס און ציין־בערשטלעך. עס איז איר נאָר אַ ווייטיק, וואָס זי האָט ווייניק צו פאַרקויפן. אַ פּיצל קרעמל מיט אַ טראָפּן סחורה.

די צייטונגען זענען היינט פול געווען מיט סערקען און מיט סטאַלינען. אַזאַ באַשרייבונג מיט אַ גרויסן קאָפּ: יושר פון כאַוועד סטאַלין און דאָס בילד פון סערקען מיט די אייניקלעך, די יתומים, לאַכנדיקע. זיי צעגייען זיך פון געלעכטער! עס גייט אַפילו די באַשרייבונג ווי כאַוועד סטאַלין האָט אויסגעזידלט דער פּאַרטיי אין ווילנע, וואָס זיי האָבן אַליין נישט פאַרשטאַנען ווי צו באַהאַנדלען סערקען. זי איז דאָך אַן אַלטע, אַן אָרעמע, האָלט אויס פיר קליינע יתומים. סערקע שפּאָן פון דער „גאון־גאַס" וועט אַזוי לאַנג האַלטן איר קרעמל ביז איר יינגסט אייניקל וועט אַלט ווערן פערצן יאָר. בראַוואָ כאַוועד סטאַלין!

עס האָבן זיך אַ שאָט־געטון מענטשן צו סערקעס קרעמל. מען וויל איר זען, וואָס זי האָט אַזוי נושא־חן געווען ביי סטאַלינען. מען שטופּט זיך אין קרעמל און מ׳גיט צו לייזן דער אַלטיטשקער. אַז זי האָט חן ביי סטאַלינען האָט זי אויך חן ביי אונדז. מען האָט געקויפט און מען האָט געקויפט און סערקע האָט אַרויס־געוויזן אַ סך בריהשקייט. אַ פּרוי אין איר עלטער זאָל אַזוי געשיקט אַרבעטן. זי האָט אין איין שעה מער געלייזט ווי אַמאָל אין צוויי חדשים...

די אייניקלעך, די יתומימלעך האָבן דערשנאַפּט, אַז די באָבע איז פריילעך, האָבן זיי זיך צעזונגען...

**
*

סערקע מיט אירע אייניקלעך איז היינט געווען אין „גאָראָדסקאָיע אופּראַוו־לעניע". זי האָט זיי דערמאָנט ווער זי איז, — זי און סטאַלין! — וואָס ווייטער?
— האָבן זיי איר געפרעגט. — וואָס הייסט, וואָס ווייטער? — האָט זי זיי געפרעגט.
— איך וואָלט געקענט גאָר אַ סך לייזן, אָבער איך האָב דאָך נישט קיין סחורה!
האָבן זיי געהויבן די אַקסלען: סחורה? דאָס ווייסן זיי נישט. וועגן סחורה ווייסן זיי נישט. סערקע האָט שוין געוווסט, אַז זי דאַרף גיין צו דער „פּאַרטיי". זי האָט זיי דערמאָנט ווער זי איז, — זי און סטאַלין! אַוודאי געדענקען זיי, אָבער, וואָס איצט? זאָגט זי זיי, אַז זי וואָלט געקענט אַ סך לייזן, נאָר זי האָט נישט קיין סחורה.
— סחורה? זיי ווייסן נישט. זיי ווייסן נישט וועגן סחורה. זי האָט זיך שטאַרק געשעמט, וואָס זיי היטן נישט אָפּ, וואָס סטאַלין האָט געשריבן אין דער טעלע־גראַמע. זיי האָבן זיך געפילט געטראָפן, האָבן זיי איר געזאָגט, אַז זי דאַרף זיין אין קרעמל און וואַרטן אויף סחורה. האָט זי געפאָלגט און צוריקגעגאַנגען אין קרעמל. און אַזוי ווי זי האָט עס געעפנט איז אַריינגעשפּרונגען אַ סאָלדאַט מיט אַ

ביקס און אַן אייזערן גרין היטל אויפן קאָפּ מיט בלישטשנדיקע אויגן פון אַ גזלן. הענט און פיס זענען איר אַנטפאַלן. דער סאָלדאַט האָט רויק אָוועקגעשטעלט די ביקס, אַראָפּגענומען דאָס אייזערנע היטל און אָפּגעווישט דעם שווייס פון קאָפּ און פון רויטן פּנים. דער סאָלדאַט האָט זיך איצט גענומען צו סערקעס קרעמל, צום ביסעלע סחורה, וואָס הענגט אויף אַ דרעטל.

— סקאָלקאָ עטאָ סטאָיט? (וויפל קאָסט דאָס?).

זאָגט סערקע:

— צוויי רובל.

נעמט ער צו אַלע זאַקן, לייגט זיי אָפּ.

זאָגט די אַלטע צו אירע אייניקלעך:

— זאָל ער אַזוי לעבן צי ער דאַרף דאָס.

— סקאָלקאָ עטאָ סטאָיט?

זאָגט זי:

— דריי רובל.

נעמט ער אַראָפּ אַלע שעלקעס פון דרעטל.

זאָגט די אַלטע צו אירע אייניקלעך:

— זאָל ער אַזוי געזונט זיין צי ער דאַרף דאָס.

— סקאָלקאָ עטאָ?

— סקאָלקאָ עטאָ?

ער האָט אַלץ גענומען.

— אַ בראָך צו מיין קאָפּ!

און צו די אייניקלעך:

— זאָל ער אַזוי האָבן הענט און פיס צי ער דאַרף דאָס אַלץ.

— באָבע, באָבע, וואָס שעלט איר מיר?!... — איז דער סאָלדאַט גאָר אַרויס אויף יידיש.

סערקע האָט זיך פאַרשעמט...

— אַז איר זענט יאָ אַ ייד וועל איך אייך דערציילן די גאַנצע מעשה.

— וואָס פאַר אַ מעשה?

און אַזוי ווי זי האָט אָנגעהויבן צו דערציילן, אַזוי איז דער סאָלדאַט אַנט־לאָפן, איבערלאָזנדיק דאָס פּעקל אויפן טיש...

# דער נאַיווער מאַרעק

איידער מאַרעק האָט געזען די דייטשן, האָט ער געהאַלטן, אַז איצט איז עס אַלץ איינס, רוסלאַנד־דייטשלאַנד, דייטשלאַנד־רוסלאַנד. ער האָט זיך געשווירן, אַז רוסלאַנד האָט אַריינגעשטעלט אַ פּונקט, עס זאָל נישט זיין קיין שום טראַר קעגן יידן, און וואָלט היטלער דאָס נישט אָנגענומען — האָט ער געשווירן — וואָלט סטאַלין נישט געמאַכט מי אים אַזאַ ברייטן שלום: „מיט רשעים און מער־דערס מאַכט מען נישט קיין שלום!“. אָבער באַלד דעם ערשטן טאָג, ווי די דייטשן האָבן פאַרנומען וואַרשע, איז מאַרעק געוואָרן אַ געענדערטער מענטש. מאַרעק האָט דאָך קיין מורא נישט געהאַט פאַר די דייטשן, איז ער אַוועק אין שטאָט, פראַנק און פריי, געגאַנגען איבער די גאַסן, ווו עס זענען געשטאַנען די דייטשע מאַשינען.

אַלס מעכאַניקער וואָס האָט יאָרן געאַרבעט ביי מאַשינען, האָט ער געהאַט אַן אינטערעס זיי צו זען. ווו עס איז געשטאַנען אַ גרופּקע מענטשן, איז ער צו־געקומען צום מנין; עס איז זייער אינטערעסאַנט צו הערן וואָס מענטשן רעדן אין אַזאַ טאָג. האָט מאַרעק אונטערגעהערט, וואָס עס רעדן אַזוינס פּאָליאַקן צו די דייטשן, האָט ער געהערט, ווי די פּאָליאַקן דערציילן די דייטשן, אַז יידן האָבן געגעבן געלט דער פּוילישער רעגירונג, זי זאָל מאַכן אַ מלחמה מיט די דייטשן. „ווען נישט די יידן, וואָלט דער קריג נישט געווען“, — האָט דאָס מאַרעקן אונ־טערגעצונדן און האָט אויסגערופן צו די דייטשן, אַז „דיזע לויטע זינד ליגנער!“. האָט איין דייטש אַרויסגעכאַפּט דעם רעוואָלווער צו מאַרעקן, אַ צווייטער האָט אים דערלאַנגט אַ פייערדיקן פּאַטש און איין פּאָליאַק האָט אים צוגעגעבן אַ קאָפּע מיטן פוס. מאַרעק איז אַנטלאָפן און געלאָפן צו זיין כלה, צו רענען. ער איז אַריינגעקומען אַ פאַריאַכמעטער, אַז די דייטשן זענען פּשוטע מערדערס אויף יידן. פּאַק איין דיינע נייטיקסטע זאַכן און איך וועל אַהערברענגען מיינע זאַכן און מיר וועלן אַוועקגיין צו די רוסן. די שיינע רענע האָט אים אָנגעקוקט מיט אַ שמייכעלע,

האָט דאָס מאַרעקן זייער פאַרדראָסן, וואָס זי געדענקט אַזוי אַלץ, וואָס ער האָט אַמאָל געזאָגט. — און וואָס איז דאָרט דאָס גוטע? — האָט זי אים געפרעגט. ער האָט זיך אויפגעקאָכט: — דאָרט איז נישט קיין מלחמה; רוסלאַנד פירט נישט קיין מלחמות; דאָרט אַרבעט מען. מיך מיט מיין קוואַליפיקאַציע, וועט מען באַלד אַוועקשטעלן ביי די גוטע מאַשינען. זיי זענען דאָך אידעאַליסטן, מלאכים!...

— איך מוז זיך דורכרעדן מיטן טאַטן, מיט דער מאַמען — האָט רענע געזאָגט.

מאַרעק האָט געשטורעמט: — איך ווייס, איך ווייס, וואָס דיין טאַטע וועט זאָגן. איך ווייס, ווי ער האָט ליב די באָלשעוויקעס, נאָר אַז דו ווילסט אַזוי וויל איך זיין דערביי.

מאַרעק איז געלאָפן פאָרויס, פאַר רענען, אַריין אין שטוב, ווו עס איז געווען רענעס פאָטער, יצחק סאָפרע, אַ מענטש אין די מיטעלע יאָרן. ער איז אַ טרויעריקער געזעסן ביים טיש, אַריינגעקוקט אין אַ ספר. רענעס מאַמע איז אויך דאָ אַריינגעקומען. רענעס טאַטע האָט לאַנג געטראַכט. מאַרעק איז געשטאַנען ווי אויף הייסע קוילן. ענדלעך האָט רענעס פאָטער געזאָגט: דו ווייסט גאַנץ גוט, מיין טייער קינד, מיין מיינונג וועגן די באָלשעוויקעס, אַז וואָס זיי טראַכטן, זאָגן זיי נישט און וואָס זיי זאָגן, טוען זיי נישט. מיר זענען אָבער דאָ אין אַ שלעכטער לאַגע, איז אפשר טאַקע בעסער, אַז איר זאָלט אַריבער צו זיי. שרייב אונדז אָפט און ווען די מלחמה וועט זיך ענדיקן, זאָלט איר דאָ זיין צוריק מיטן ערשטן צוג; לאָמיר האָפן, אַז די מלחמה איז נישט מער ווי אויף דריי חדשים!

**
*

ווי די שטאָט ל. האָט עס מאָדנע אויסגעזען. שיינע אנגענעמע טעג. אַ קלאָרער בלויער הימל. די זון האָט געשיינט מיט נחת. פון אַלע סלופעס און ביימער האָט עס געזונגען, ווי אויף אַ חתונה, נאָר די גאַסן זענען געווען פול מיט פליטים פון דער דייטשער זייט. מען האָט עס אויף זיי דערקענט; אָרים געקליידטע, צעשויבערטע און מידע מענטשן און די געוועלבער זענען געווען געשלאָסן, ווי יום־כפור, מאַרעק האָט באַמערקט ווי רענעס אויגן קוקן אויף דעם אַלעמען נישט צופרידן, האָט ער זיך צוגעבויגן צו איר און שטיל געזאָגט: — קראָקע איז אויך נישט געבויט געוואָרן אויף אַמאָל!... זי האָט אים טונקל אָנגעקוקט. זי האָט אים מיטן אַלטן ווערטל נישט פאַרשטאַנען. עס איז דאָך אָבער מאַרעק, — האָט זי פאַרשוויגן.

מאַרעק איז מיט רענען צוגעגאַנגען צו דער ביוראָ, ווו מען רעגיסטרירט

אויף אַרבעט. לאַנגע רייען מיט מענטשן, וואָס וואַרטן דאָ זיך צו רעגיסטרירן אויף אַרבעט. צען טישן, צען רייען. מאַרעק האָט געהאַלטן גרייט אין האַנט זיינע פּאַפּירן מיט דער הויכער קוואַליפיקאַציע פון אַ מעכאַניק און די לויב־פּאַפּירן פון דער פירמע „ליליקאָט", געשטאַנען גרייט, אויסגעגלייכט. זיין ברייט־ביינעק פּנים איז געווען אָנגעגאָסן מיט שטאָלץ: איך בין מאַרעק דער מעכאַניק! ער האָט מיט שטאָלץ אויסגעשפּרייט זיינע פּאַפּירן פאַרן באַאַמטן. דער באַאַמטער האָט ערנסט געקוקט אין די קליינע אותיות פון די פּאַפּירן און אַלעמאָל אויפגעהויבן דעם קאָפּ גוט צו זען מאַרעקן; אַזאַ ספּעציאַליסט ביי די קאָמפּליצירטסטע מאַשינען! דעם באַאַמטנס פּנים האָט מיט פרייד געשמייכלט צו מאַרעקן:

— יאָ; אין אַ פּאָר טעג אַרום וועט איר קריגן אַ צעטל.

אויפן וועג גייענדיק צו דער דירה ווו זיי האָבן זייער צימער, האָט מאַרעק רענען איידל אויסגערעדט, אַז זי זעט נישט די גרויסע זאַכן: ווו האָסטו עס געזען, אַז מ'זאָל אַזוי פיל מענטשן פאַרשרייבן אויף אַרבעט? זע נאָר, זע נאָר, וויפיל מענטשן עס גייען זיך פאַרשרייבן אויף אַרבעט. אַלע פאַרשרייבט מען. זע נאָר, זע נאָר ווי עס שטראָמט. עס הערט גאָרנישט אויף.

רענעס שוואַרצע אויגן האָבן געשטראַלט. איר יונג ראָז פּנים האָט געלויכטן, זי האָט עס טאַקע אין ערגעץ נישט געזען. זי געדענקט איצט זייער גוט, ווי אירע ביידע שוואָגערס, נאַטאַן און לעאָן, זענען חדשים און חדשים אַרומגעלאָפן איבער וואַרשע און געלאָפן מיט פּראָטעקציעס, ביז זיי האָבן ענדלעך געקראָגן שטעלעס און נישט קיין גוטע שטעלעס. אָבער ביינאַכט האָבן זיי ביידע געהאַט אַ וויסטן חלום, אינמיטן דער נאַכט, זיי זענען געשמאַק געשלאָפן: קלאַפּ, קלאַפּ!... זיי האָבן ביידע זיך אויפגעכאַפּט אין שרעק: וואָס איז?! די באַלעבאַטים פון שטוב, ליפּע ליפּינסקי און זיין ווייב, זענען נאַקעטע געלאָפן צו דער טיר. ווער איז עס?! עס האָבן זיך אַריינגעשאָטן בלוי־היטלדיקע פאַרשוינען, ווי שיכורע גוים: מאַרעק דזשובין, מאַרעק דזשובין! ווייִ איז צו מיר, האָט רענע ספּאַזמירט. מאַרעק, וואָס אַזוינס האָסטו געטון? די שיינע רענע איז געווען איינגעקאָרטשעט, ווי מיט קראַמפּן. מאַרעק האָט אויסגעזען ווי אַ ליימענער גולם. „נ. ק. וו. ד." האָט געיאָגט ווי אַ בייזער ווינט: שנעלער, שנעלער, אַראָפּ, אַראָפּ! זיי האָבן געשטויסן רענען און מאַרעקן, זיי אַרויסגעשטויסן פון שטוב, אַראָפּ אויף דער גאַס.

עס האָט שוין געהאַלטן ביים אויפשפּראָצן דער נייער טאָג; די אויסגעלאָשענע לאַמטערנעס האָבן אויסגעזען ווי מיט אויסגעדרייט „קעפּ" און אויטאָס, אויטאָס, אָנגעפּאַקטע מיט מענטשן!

דער שיינער רענען און דעם הויכן מאַרעקן האָט מען אַרויפגעשטויסן אויף

אַן אויטאָ און הײדאַ! ווי אין אַ ווױסטן פילם זענען די אויטאָס מיט אַרויסגע־שטעקטע קעפּ פון מענטשן געפלויגן איבער די פאַרשלאָפענע גאַסן, פאַרבײַ די גרויע, אומעטיקע הייזער. רענע, אַן אײַנגעקאָרטשעטע, איז געווען פאַרנורעט אין אַ ווינקל פון אויטאָ און האָט געשלוכצט. מאַרעק האָט זיך געשעמט פאַר רענען, ער איז געשטאַנען ווי אַ טויטער סלופּ. רענע האָט איצט געזען איר טאַטן, איר מאַמען, זייערע פּנימער זענען אין טרויער. מאַרעקן האָט זיך געדאַכט, אַז ער הערט קולות: גוואַלד!... עס איז אים פאָרגעקומען, אַז רענע וועט באַלד אַרויספליִען פון אויטאָ און, נישטאָ רענע.

די מענטשן אין אויטאָ זענען געוואָרן רעדעוודיק, זיי שעלטן די באָלשע־וויקעס. מאַרעק האָט געזאָגט צו רענען: וואָס בין איך דען שולדיק? זעסט דאָך ווי עס פאָרן אַזוי פיל אויטאָס מיט מענטשן פאַר אונדז!...

מאַרעק איז געשטאַנען אַן אַראָפּגעבעויגענער צום קליינעם וואַרשעווער בעקער, דעם קליינעם און בײַכלדיקן, מיט אַ צו גרויסן קאַפּעליוש אויפן קאָפּ, וואָס האָט זיך געדרייט אויף זיין קאָפּ ווי דאָס בלעכענע פענדל אויפן דאַך. דער קליי־נער בעקער האָט עס געלערנט דעם הויכן מאַרעקן: מיר פאָרן קיין סימביר! מאַרעק האָט אַ ציטער געטון. — מיר וועלן דאָרט אַרבעטן ווי די ייִדן אין מצרים! — עס קען נישט זיין! — האָט מאַרעק געזאָגט. — ביסט אַ יאָלד, פּ׳נאמנות, ווי דו ביסט אַ יאָלד! זאָג עס נישט דיין ווייבל, זי וועט חלשן!

רענע איז צוגעקומען: — וועגן וואָס רעדט איר? — מיר רעדן ווייל עס ווילט זיך רעדן, — האָט דער קליינער בעקער געענטפערט. — אפשר ווייסט איר, וווהין מען פירט אונדז? — ביי פאָניען וועט איר דאָס קיין מאָל נישט וויסן. זיי זענען דאָך מענטשן־כאַפּערס!...

אַז מען איז אַריין אין די פערד־וואַגאָנעס מיט טומל, מיט רופענישן: — קינדער, ווו זענט איר? איז רענע געקומען צו זיך. דער פרישער זומער־טאָג האָט געשיינט אויף איר שיין פּנים. די קולות פון די קינדער און מאַמעס האָבן איר אויפגעוועקט. זי פאָרט דאָך מיט ייִדן. מאַרעקן האָט זי נישט געקענט אָנקוקן און ער האָט זיך אַלעמאָל צוגעבויגן צו איר: — וועסט זען, רענע, וועסט זען, ווי מיר וועלן זיין פרייע מענטשן! זי האָט אים גאָרנישט געגלויבט. עס האָט איר וויי־געטון, וואָס זי האָט זיך צוגעהערט צו אַזאַ יונג מיט אַזאַ פּנים...

**
*

נאָך דריי וואָכן פאָרן אין פערד־וואַגאָנעס, האָבן די מענטשן נישט געקענט גיין אויף די פיס. זיי האָבן זיך אומגעקוקט ווו זיי זענען אין דער וועלט. די

באַראַקן זענען געווען איבערגעבליבענע חורבות פון אַ באַד, און טייל האָבן שוין באַצייטנס, פון דרויסן, דערזעען, ווי אינעווייניק זענען די ווענט אָפּגעשאָטן מיט פאַרשיידן־קאָלירטע ווערעם און עס איז געוואָרן אַ מהומה. די ווייבער, מאַמעס מיט קינדער האָבן זיך געבונטעוועט, זיי האָבן געשריגן — מער ווי שרייען האָבן זיי נישט געקענט. דער קאָמענדאַנט, אַ נידעריקער „ענקאַוועדיסט" מיט אַ פּאַפּי־ראָסל פון צייטונגס־פּאַפּיר האָט גערעדט צום עולם. ער האָט גערעדט וועגן אַרבעט אין וואַלד, איז געוואָרן אַ געוואַלד: — און עסן?! און דירה?! מאַרעק האָט זיך אַרויפגעשטעלט אויף אַ שטיין, געפאָכעט מיט דער האַנט איבערן גאַנצן עולם, צום קאָמענדאַנט: — חבר קאָמענדאַנט, ווו קום איך אַהער? איך בין אַ מעכאַ־ניק, געאַרבעט יאָרן ביי מאַשינען. איך האָב זיך רעגיסטרירט אויף אַרבעט אַלס מעכאַניק, ווי־זשע קום איך אַהער?! איך וועל זיך ווענדן צו דער „פּראַוויטעלסטוואָ". דער עולם האָט אויסגעשאָסן מיט אַ געלעכטער: — ווער איז ער עס? אַ יאָלד אין אַ קאַפּעליוש!...

מאַרעק האָט שוין דאָ געהייסן „דער מעכאַניק". ער האָט געאַרבעט אין וואַלד פאַר צוויי, פאַר דריי. אַ גאַנצער „סטאַכאַנאָוויעץ". ער האָט פאַרדינט אַזוי פיל ברויט, אַז רענע איז צו דער אַרבעט נישט געגאַנגען און האָט געהאַט ברויט צו עסן. ער האָט נאָך פאַרדינט אויך אויף דזשעם, האָט שוין רענע געגעסן ברויט מיט דזשעם. זי פלעגט די גאַנצע שיינע טעג זיצן פאַר דער הייזקע אויפן „פּאָ־שאָלעק" (דאָרף פון פאַרשיקטע), אַ צוגעפּוצטע, זיך צוקוקן צו די פאַרבן פון הימל און ערד, זיך איינהערן צום געזאַנג פון קינדער און פייגל אַזוי עס האָט איר גאָרנישט געקענט אַרויס פון זינען, ווי זי האָט עס געהערט מאַרעקן. זי האָט פון זיך חוזק געמאַכט, זי האָט חוזק געמאַכט פון מאַרעקן, וואָס ער זעט אויס ווי אַ מוזשיק, ווי ער איז נאָך אַ „סטאַכאַנאָוויעץ"!..

מאַרעק איז געוואָרן עפּעס מער ווי אַ „סטאַכאַנאָוויעץ". ער איז געווען ברי־גאַדיר און ער האָט איינגעפירט, אַז מען זאָל זינגען ביי דער אַרבעט: „אַז מען זינגט, אַרבעט מען בעסער און לייכטער". ער מיט זיין בריגאַדע זענען געווען ווי אַ חזן מיט משוררים. זיי האָבן טאַקע געזונגען אַ סך חזנישע זאַכן. דער קאָמענ־דאַנט האָט אָנגעקוואָלן פון מאַרעקן: — דו וועסט ביי מיר קריגן אויך פּוטער! דייך „זשאָנקאָ" וועט זיך מיט דיר פרייען פאַר דער פּוטער! האָסט אַ שיינע „זשאנקא"! זיינע אייגעלעך האָבן געגלאַנצט ווי ביי אַ שיכור.

שבת פאַרנאַכט, באַלד נאָך דער אַרבעט, איז דער קליינער קאָמענדאַנט מיטן פּאַפּיראָסל פון אַ גרויסן שטיק צייטונגס־פּאַפּיר אַרויסגעקומען אויפן פּלאַץ, אָקעגנגעטראָגן מאַרעקן אַ מתנה, — אַ שטיקל פּוטער. מאַרעק איז געווען פריי־

לעך. ער האָט פון שמחה, מיט די פינגער געקעמט דעם קאָפּ האָר. דער קאָמענ־דאַנט האָט צוליבן שטיקל פוטער געהאַלטן אַ רעדע צום עולם: —איר דאַרפט אַלע אַרבעטן ווי דער „מעכאַניק״ וועט איר אַלע עסן פוטער! מאַרעק האָט זיך אַרומגעכאַפּט מיטן קאָמענדאַנט און דער קאָמענדאַנט מיט מאַרעקן. דער ראַדיאָ האָט געשפּילט „קאַטיושאַ״; זיי האָבן ביידע געטאַנצט אַ „קאַזאַצקע״. מאַרעק האָט אַריינגעצויגן אַביסל חברה, דער קאָמענדאַנט האָט אויך געצויגן. אַ סך האָבן זיך אַרויסגעדרייט. אַביסל איז אַריין אין ראָד. דער קאָמענדאַנט האָט געוויזן קונצן מיטן טאַנצן אַ „מילכל״, ער האָט געטאַנצט מיט אַרונטערגעבויגענע פיס און אויסגעזען ווי אַ טאַנצנדיק ליליפּוטל. מאַרעק האָט אויך געוויזן ווי ער טאַנצט אַ „מילכל״. וואַסילי, דער קאָמענדאַנט איז געוואָרן שיכור פון טאַנצן. ער האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דאָס היטל, דאָס רעקל, צעעפנט דאָס העמד און האָט ווי אַ ווינט געטאַנצט און צוגעזונגען: „אַך, אַך, זשאנקא!״. אַ ביסל פאַרלעך האָבן געטאַנצט. עס איז שבת־צו־נאַכט; מאָרגן אַרבעט מען נישט. מאַרעק האָט גע־שריגן: לעבעדיקער, לעבעדיקער! און וואַסילי האָט געהאָפּעט מיט פאַנאַנדער־געלאָזטע הענט און פריילעך געשריגן: „אַך, אַך, זשאנקא!״.

און ביינאַכט זענען זיי, מאַרעק און רענע אַנטלאָפן. נישטאָ זיי!

***

וואַסילי, דער קאָמענדאַנט האָט ערשט מאָנטיק אין דער פרי זיך געכאַפּט, אַז דער „מעכאַניק״ מיט זיין שיינער „זשאנקא״ זענען נישטאָ, אַנטלאָפן! ער האָט שיער נישט געפּלאַצט. ער האָט דאָס היטל געוואָרפן אין דער ערד. ער איז אַרויס מיט זיינע העלפערס איבערן „פּאָשאָלעק״, געזוכט אין אַלע הייזקעס, אויסגע־פרעגט די פויערים — נישטאָ זיי! ער האָט געררויכערט איין פּאַפּיראָסל נאָכן אַנ־דערן. זיינע בלוילעכע אויגן זענען געוועזן פאַרטרערט. ער האָט זיך געפילט פאַר־שעמט און צעבראָכן — נישטאָ זיי!

מאַרעק און רענע זענען זיין אין פּאַסאַזשירבאַן געזעסן ווי „פּריצים״. מאַרעק האָט „געשמירט״ לאַפּוווקע מיט הויזן און העמדער. ער האָט זיך געפרייט און זיי, די נעמערס, האָבן זיך געפרייט. זיי זענען ברייטלעך געזעסן ביי אַ פענצטער, געקוואָלן פון דער פרייהייט, פון די „לויפנדיקע״ פעלדער און וועלדער. עס דער־נעענטערט זיך מאָסקווע. אויך רענע האָט געשטראַלט, זי האָט שמייכלדיק געקוקט אויף מאַרעקן, וואָס האָט מיט גרויסקייט זיך געקעמט די האָר, ווי ער וואָלט גע־ווען דער גרעסטער מעכאַניק אין דער וועלט. ער האָט איר געשילדערט ווי עס וועט אויסזען, מען וועט אַריינגיין צו קאַלינינען, ער איז פּרעזידענט פון רוסלאַנד,

קאַלינין וועט שטוינען אויף אַזאַ מעשה; ער האָט זיך פאַרשריבן אַלס מעכאַניק און מען האָט אים מיט כוח אַוועקגעשלעפּט אין וואַלד אַריין, — ער איז גאָר גע־וואָרן אַ האָלץ־העקער. קאַלינין וועט אים איבערבעטן. רענע האָט אין דעם גאָר־נישט געגלייבט. זי האָט פון אים געלאַכט: — מאַרעק, דיין פאַנטאַזיע פליט הויך! ער האָט זיך ביי איר געבעטן, זי זאָל אַזוי נישט רעדן, ווייל עס מאַכט אים בערוועז; ער האָט איר געזאָגט פאַרוואָס מען וועט נישט גיין צו סטאַלינען, ווייל קאַלינין איז אַ בעסערער מענטש. ער ווייסט דאָס. אַ מאָדנע זאַך מיט רענען, זי האָט ביז מאָסקווע געהאַלטן אין איין לאַכן פון זיינע פאַנטאַזיעס. אָבער אַז רענע האָט אין מאָסקווער וואָקזאַל דערזען דאָס בילד פון קאַלינינען, האָט זי שוין נישט געלאַכט: — ער זעט דאָך אויס ווי מיין זיידע! מען איז גלייך פון באַן אַוועק צו קאַלינינען. עס האָבן געוואַרט אַ סך מענטשן אויפגענומען צו ווערן פון קאַלינינען. אַלעמענס אויגן זענען געלעגן אויף דעם פּאָרל, אויף מאַרעקן מיט זיין שיין מאַנטעלע און מיטן קאַפּעליוש און אויף זיין שיין ווייבל. אַזעלכע גרויסע שוואַרצע אויגן. זיי האָבן צווישן זיך גערעדט: „אינאָסטראַנצי". קאַלינין האָט זיי גוטמוטיק אויסגעהערט, מיט גוטע אויגן זיי געזען, ווי אַ זיידע. ביי יעדער וואָרט, וואָס קאַלינין האָט אַרויסגעזאָגט, האָט זיך אַ הייב־געטון זיין בערדל. רענען האָט זיך גאָר פאַרגלוסט צו לאַכן, זי האָט זיך אָבער איינגעהאַלטן ווי מיט צוואַנגען.

קאַלינין האָט זיך אויפגעשטעלט ווי אַ זיידע, וואָס גייט געזעגענען זיינע אייניקלעך: — אַלץ וואָס איר האָט מיר דערציילט איז פאַרשריבן. איר האָט געזען. פאָרט איר איצט צוריק קיין ל.? זייער גוט! עס איז אייך געטון געוואָרן אַ גרויסע עוולה. מיר זענען נישט צוגעוווינט צו אַזעלכע זאַכן, נאָר עס איז מלחמה; פאָרט געזונט. אין אַ פּאָר טעג אַרום וועט איר האָבן אייער סאַטיספאַקציע.

אין ל. זענען זיי גלייך אַוועק אויף זיין דירה ביי די ליפּינסקיס. ווי ליפּע ליפּינסקי און זיין ווייב מיט די פאַרווייניטע אויגן האָבן זיי אויפגענומען! זיי האָבן זייערע אויגן נישט געגלייבט: —איר זענט דאָ?! האָט דער פריילעכער ליפּע צו זיי אויסגעצויגן די האַנט. ווו זענט איר געווען? — אוי, וויי! — האָט ליפּע לי־פּינסקי אויסגעשריגן פון איבעראַשונג, האַלטנדיק פאַרלייגט איין האַנט אויף דער אַנדערער. — נישט צו גלייבן. עס פּאַסט גאָרנישט פאַר באָלשעוויקעס אַזאַ זאַך און איצט זענט איר פריי. זאָל עס זיין אין אַ מזלדיקער שעה. — בתיה, האָסט געהערט די מעשה? — האָט ער זיך געווענדט צו זיין ווייב, וואָס איז תמיד פאַרוויינט.

— און וואָס איז מיט אייך, חבר ליפּינסקי? איר האָט שוין אַרבעט?

— אַ ליאַדע טאָג; עס איז ביי מיר אַ גאַנצע פאַרדרייעניש. אָבער עס דרייט

זיך אויס. מיין פאָטער עליו־השלום האָט דאָ געהאַט אַ הייזקע, מיט פינף און צוואַנציק יאָר צוריק און איך אַליין בין דאָך געווען עפּעס אַ שטיקל קרעמער. אָבער עס וועט זיך אויסדרייען.

פון דער גאַנצער פרייד ביים פאַרפאַלק האָט זיך גאָר אויסגעלאָזט, אַז מען קריגט זיך אַרום דעם גאַנצן אָוונט. צו רענען איז צוגעקומען אַ משוגעת, אַז מען זאָל אַוועק פון דער דירה, מען זאָל אַוועק פון ל., מען זאָל אינגאַנצן אַוועק פון די באָלשעוויקעס. מאַרעק האָט געשטוינט. ער האָט זיך געשראָקן פאַר רענען, אַז זי וועט קריגן אַ נערוון־אַטאַקע און פאַר וואָס? עס איז דאָך אַלץ אַזוי גוט!

רענע האָט כסדר איבערגעחזרט, אַז עס איז נישט גוט. דאָס האַרץ זאָגט מיר. דאָס האַרץ זאָגט מיר. מאַרעק האָט גאָרנישט געפּועלט. זי גייט צוריק קיין וואַרשע. מאַרעק האָט געוויינט. זי האָט אים געזאָגט: — האָסט אַ ברירה מיטצוגיין קיין וואַרשע! ער האָט איר געוואָרנט, אַז די גרענעץ איז איצט נישט אַזאַ לייכטע ווי געווען זי איז אַוועק, ווען ער איז אין שטוב נישט געווען. זי האָט אים איבערגעלאָזט אַ בריוול. זי געזעגנט זיך מיט אים. ער איז אַראָפּגעלאָפן אין גאַס. געקוקט צו דער גאַנצער לענג פון דער גאַס. רענע איז נישטאָ.

**
*

דער באַלעבאָס פון דער דירה איז אַ פריילעכער אַנטקעגנגעגאַנגען מאַרעקן מיט אַ טעלעגראַמע אין האַנט: „אַ טעלעגראַמע"! זיכער פון קאַליבינען. טשיקאַווע וואָס ער שרייבט. מאַרעקס פּנים איז געווען פאַרשאָטנט. — נאַט אייך, לייענט.

עס איז געווען פון רענען; זי איז פאַרשיקט אין אַרכאַנגעלסקער אָבלאַסט און זי שיקט איר אַדרעס; מען האָט איר פאַרהאַלטן ביי דער גרענעץ. אַ מינוט שפּעטער איז מאַרק געווען אַן אויסגעלייטערטער, אַ פריילעכער, ער פאָרט זיך זען מיט רענען: — איר זענט בנאמנות אַ משוגענער! — האָט אים געוואָרנט דער באַלעבאָס פון דער דירה, ליפּע ליפּינסקי. — איר ווייסט וואָס איר רעדט? איר רעדט ווי אַ קינד! ווי אַ קינד! מאַרעק איז אָבער געווען אַזוי צעשרויפט פון זיין פאַנטאַזיע, אַז ער וועט איינגיכן זען רענען, אַז ער האָט געטאַנצט, ער האָט געזונגען. ער האָט גענומען דעם מאַנטל אויפן האַנט, פאַרקעמט די האָר, אָנגעטאָן דעם קאַפּעליוש און „זייט געזונט!".

— אויב איר וועט איר אַרויסראַטעווען, — האָט ליפּע אים געזאָגט, — וועט איר זיין אַ „מאַלאַדיעץ"!

מאַרעק האָט זיך לאַנג אַרומגעדרייט אין וואָקזאַל און אַרום וואָקזאַל. דער

צוג גייט איצט אָוועק נאָך 12 ביינאַכט און געקומען איז ער ניין אַזייגער. עס האָט זיך אים נישט געגלוסט צוריקצוגיין צו די ליפּינסקיס. ער איז געטראָגן געוואָרן פון דער פאַנטאַזיע, אַז ער וועט באַלד זען רענען. עס האָט ביי אים אויסגעזען אַזאַ קורצע רייזע. עס האָט אים פאַרשמעקט אָנצוטעלעפאָנירן צו די ליפּינסקיס זיך נאָך אַמאָל מיט זיי געזעגענען. זייער טייערע מענטשן. ער האָט געקלערט: יאָ, אָדער ניין? עס איז שוין געווען 11 מיט 30. ער איז אַריין אין טעלעפאָן־ביידל: — ווער רעדט עס? — דאָ רעדט מאַרעק! — אַזוי? — ענטפערט ליפּע ליפּינסקיס שטים — יענע פאַרשווינען זענען נאַר־וואָס דאָ געוועזן. זיי האָבן זיך אויף אייך געפרעגט. בין איך דאָך נישט קיין טיפּוש, האָב איך זיי געזאָגט ווי דער אמת, אַז איר זענט אויף אַ חתונה. האָט נישט קיין מורא. איך בין נישט קיין טיפּוש. אַ גרוס אייער ווייבל. יאָ, אַ גרוס איר פון מיין ווייב. אַ גוטע נאַכט. אַ גוטע נאַכט!

⁂

פון דער באַן איז מאַרעק געפאָרן מיט אַ וואָגן 18 קילאָמעטער. דערצו איז ער נאָך צוגעגאַנגען צופוס ביי אַ 5 קילאָמעטער, אָבער ער האָט געטראָפן צום לאַגער, ער וועט באַלד זענען רענען. דער הויכער טויער פון לאַגער איז געווען אַ בלינדע וואַנט. ער האָט איבערגעלייגט דעם מאַנטל אויף דער אַנדערער האַנט, אויסגעגלייכט דעם קאַפּעליוש און ער האָט מיט דער האַנט אָנגעקלאַפּט אין טויער. עס איז אַרויסגעקומען אַ סאָלדאַט מיט אַ ביקס: — ווּהין?! מאַרעק האָט אים געזאָגט, ער וויל האָבן אַ זעונג מיט זיין פרוי. דער סאָלדאַט האָט אים אָנגעקוקט אַביסל שעלמיש און ער האָט אַ צי־געטון אַ דראָט. עס איז אַרויסגעקומען אַן „ענקאַוועדיסט״, אַ מיטל־יאָריקער מיט גרויסע געלע וואָנסעס: — ווּהין?! מאַרעק האָט אים געזאָגט: — איך וויל אַ זעונג מיט מיין פרוי!

— הם, הם און האָט אים אָנגעקוקט מיט קלוגיטשקע אויגן.

— ביטע, אַריין. ביטע אין קאַנצעלאַריע!

אין קאַנצעלאַריע האָט דער קאָמענדאַנט אַרויסגעוויזן משוגעת. ער האָט זיך מאָדנע צעבייזערט אויף מאַרעקן: — ביי אונדז זענען נישטאָ קיין געסט. איר פאַרשטייט?! זיינע אויגן זענען געווען ווילד, ווי מאַרעק וואָלט אים עפּעס שלעכטס געטון. מאַרעק איז גאָר געוועזן דורכגענומען מיט אַ וואַרעמער ליבע צו זיין רענען: אָט גייט ער צו איר. עס ברויזט אין אים זיין גליק. אין לאַגער האָבן די פאַרשיקטע שוין גערעדט וועגן אַ טראַגעדיע, ווי אַ מאַן איז געקומען צו אַ ווייב אויף צו זען איר, איז ער געוואָרן פאַרהאַלטן. אַלע האָבן דאָס מיטגעפילט. מאַרעק

י. ה. פישמאַן

איז אַ טאַנצנדיקער געגאַנגען צו די באַראַקן. די פאַרשפּאַרטע לאַגעריסטן — בלויז ייִדן פון פּוילן, פּליטים פון היטלערן — האָבן מיט מיטגעפיל געקוקט אויף מאַרעקן, וואָס איז פאַרכאַפּט געוואָרן ביים צוקומען צום לאַגער, זען זיין פרוי. און אָט איז געלאָפן די פרוי, די שיינע רענע. זי איז געלאָפן אַ פאַריאַכמערטע מיט אויסגעשפּרייטע הענט. זיי האָבן זיך אַרומגעכאַפּט מיט הייסע קושן, ווי אַ טשוויי־טשעריי פון פייגל. אַ גאַר גרויסער טייל פון דער מאַסע, ייִדישע פאַרשיקטע, האָבן שוויינגנדיק זיך צוגעקוקט מיט בענקשאַפט און מיט קנאה...

— אָבער בייזע, גראָבע הענט, האָבן זיי באַלד צעשיידט.

# דאָס פּייערל

דריי זענען מיר געגאַנגען מיטן שמאָלן זייטיקן זאַמד־וועג. מיר זענען געווען מיד, סיי פונעם גיין צופוס אַכט טעג און סיי פון נישט וויסן וווהין צו גיין. די נאַכט איז צוגעפאַלן און עס איז באַלד געוואָרן שטאָק־פינצטער. זענען מיר געגאַנגען אין דער פינצטער און אין מדבר־שטילקייט. יעדער פון אונדז דריי האָט געפילט, אַז די אַנדערע צוויי גייען אין הינערפּלעט. און אָט האָט אויפגעטויכט אין דער ווייט אַ פּייערל ווי אַ שפּילקע־קעפּל, ווי אַ דימענט־שפּיץ. עס האָט זיך מיט אונדז געשפּילט, אָט איז עס פאַרלוירן געוואָרן און האָט זיך עס ווידער באַוויזן, רעכטס פון אונדז האָט זיך געבלייכט אַ וואַנט ווי אַ גרויסע מצבה אויף אַ בית־עלמין. מיר האָבן געשפּירט אַ פריש־ביטערן רויך. אונדזערע אויגן האָבן זיך געגראָבן אין דער פינצטערניש און דערזען אַ חורבה פון אַ הויז, — אַ צעריסן הויז. אַ שאָטן פון אַ מענטש־פיגור איז געשטאַנען אויף אַ שטיין, אָדער אויף אַ בערגל. אַז מיר זענען געגאַנגען עטלעכע טריט נענטער צו דעם שאָטן, האָט אַ פרויען־שטימע געפרעגט אין יידיש:

— ווער איז עס?

— יידן!

— קומטס אַריין, קומטס אַריין!

אַ טיר האָט זיך געעפנט, אַ פּאַס ליכט איז אויף אונדז געפאַלן און די טיר האָט זיך נאָך אונדז שנעל פאַרמאַכט. עס האָט אונדז אַרומגעכאַפּט אַ ראַשיקע ליכטיקייט פון לאָמפּן און סטערין־ליכט, אַ וואַרעמע לעבעדיקייט פון דער פולער שטוב מיט צאַפּלדיק־אויפגערוימטע יידן, מענער און פרויען, אַלט און יונג און קינדער. יום־טובדיקע טישן מיט ווייסע טישטוכער און לייכטער מיט ברענענדיקע ליכט.

— גוט־יום־טוב יידן! — האָט מען אונדז באַגריסט פון אַלע זייטן — לשנה טובה כתתבו!...

— איר ווייסט — איז צוגעקומען צו אונדז אַ מיטליאָריקער ייִד מיט גרויסע געלע ברעמען, אָבער דאָס צעפלאָשעטע בערדל איז געווען גרוי — עס איז יום־טוב, עס איז ראש־השנה.

— איר ווייסט כאָטש ווו איר זענט? — האָט אַ ייִנגערמאַן מיט אַ שטאַרק שפּיציקער גאָמבע אונדז געפרעגט — איר זענט אין וואהין. איר ווייסט גאָרנישט פון אַזאַ שטאָט? ביז היינט בייטאָג איז עס געווען אַן אָנגעזעענע שטאָט.

עס איז אָנגעלאָפן פון קיך אַ קליינינקע עלטערע פרוי מיט אַ טיכל אויפן קאָפּ:

— זאָלן די אורחים אַריינגיין אין קיך זיך אַרומוואַשן, עס איז שפּעט, מען דאַרף זיך זעצן צום טיש, די קינדער דאַרפן שוין שלאָפן, זיי האָבן היינט שוין גענוג געהאַט. קומטס מיט מיר, ייִדן.

נאָכן אַרומוואַשן זיך, האָט דער באַלעבאָס פון שטוב, דער וואָס האָט אונדז אָנגעזאָגט, אַז עס איז ראש־השנה, אַ לוסטיקער צו אונדז גערעדט: — מיר האָבן נישט אַרויסגעראַטעוועט, איר זאָלט זאָגן, אַ פאָדעם. מיר האָבן עס נישט גע־פּרוווט. מיר האָבן נישט געלאָזט. איך און נאָך אַנדערע האָבן מיר געשריגן: — ייִדן, אַנטלויפט פון פייער און געלויבט דעם השם יתברך, מיר זענען דאָ. עס פעלט אונדז קיינער נישט; נו, מיר וועלן גיין צום טיש, אורחים — צום טיש!

מיין שכן ביים טיש, אַן אָרעם אָנגעטאָענער, אָבער מיט אַ יום־טובדיק פּנים און אַ יונג שוואַרץ בערדל, האָט צו מיר געזאָגט: — אָט ווי איר זעט דאָ אַן עולם מענטשן נשרפים, איז אַזוי איצט אין עטלעכע הייזער. אַז דער אייבערשטער וועט העלפן, וועלן מיר זיך נעמען צום בויען. דער אייבערשטער זאָל העלפן!

אַ ייִנגל פון אַ יאָר צען מיט אַ פּנים פון ישוב־הדעת האָט צו מיר גערעדט אַ פּאַרפּלאָמטער, אַ פּאַריאַכמערטער: איך האָב אַליין געזען ווי זיי זענען גע־פלויגן, געפלויגן זייער נידעריק, געפלויגן נאָר איבער די ייִדישע הייזער און טראַך! אַ באָמבע. געפלויגן ווייטער און טראַך! — אַ באָמבע.

דעם ייִנגלס מאַמע האָט אים צוגעטראָגן אַ קינד פון אַ יאָר, ער זאָל עס האַלטן אויף דער האַנט: — נעם דאָס קינד, נפתלי! נפתלי האָט איצט אויס־געזען ווי אַ יונג קליין טאַטעלע מיט אַ קינד אויף דער האַנט.

דער באַלעבאָס פון שטוב, צאַלקע, האָט געהייסן מאַכן קידוש. — עס איז דאָ גענוג וויין. עס איז ברוך־השם דאָ צום עסן און מאָרגן וועלן זיי מתיר זיין צו קויפן פיש און פלייש. קידוש!

די קליינינקע באַלעבאָסטע מיטן איידעלן פּנים איז צוגעקומען צום טיש:

די אורחים עסן כּאָטש ? עס פּעלט גאָרנישט. זשאַלעוועט זיך נישט. עס איז יום־טוב !

— איי, איז דאָס געווען אַ שטאָט וואָהין ! — האָט משה־מנשה, דער ייִנגער־מאַן מיטן שוואַרצן בערדל, געזאָגט. — תּורה און צדקה !

עס איז דערביי אויפגעשפּרונגען צאַלקע, דער באַלעבאָס. ער האָט געשריגן:

— וואָס הייסט עס איז געווען ? וואָהין וועט ווייטער שיינען מיט תּורה און צדקה. דער ריבונו־של־עולם האָט אונדז היינט מציל געווען און וועט אונדז ווייטער אָפּהיטן.

דאָס ייִנגל, וואָס האָט פריִער געהאַלטן זיין שוועסטערל אויף דער האַנט, נפתּלי, איז אַנטשלאָפן געוואָרן אינמיטן נעמען אַ שטיקל פלייש צום מויל. זיין פּנים האָט געגליט, דאָס היטל האָט זיך אים פאַררוקט אַרויף. עס האָט זיך אָפּגעדעקט אַ לומדישער שטערן.

— און דו, פּערל, דאַרפסט נישט יאָמערן ! —האָט צאַלקע, דער באַלעבאָס געשריגן אויף אַ יונג ווייבל מיט אַ חנעוודיק בלייך פּנים — וואָס, ס'איז דיר פאַרברענט געוואָרן נאָטעס אַדרעס פון פּאַריזש ? ס'איז דאָך אַ משוגעת. דו וועסט קריגן אַ בריוו פון נאָטען, וועסטו צוריק האָבן זיין אַדרעס.

— אַוודאי, אַוודאי ! — האָט דער עולם מסכּים געווען.

פון צאַלקעס שרייען אויף פּערלען, האָט דער קליינער נפתּלי זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף, שעמעוודיק, פאַרשטעלט דאָס פּנים מיט דער האַנט.

אַ יונגערמאַן, משהל, אַ דראָבנינקער, האָט געזונגען זמירות. דער עולם האָט אים מיטגעהאָלפן. עס איז געוואָרן פריילעכער, יום־טובדיקער, — אַ שיי־נער, האַרציקער ניגון.

לעבן צאַלקען האָט אַן עלטערער ייִד דערציילט אַ וווּנדערלעכע מעשה פון וואָהין מיט הונדערט פופציק יאָר צוריק. ייִדן האָבן זיך איבערגעבויגן צום דער־ציילער:

— אַזוי, אַזוי ! פּלאי פּלאים !

— נו, מ'וועט בענטשן ! — האָט צאַלקע געזאָגט.

די באַלעבאָסטע האָט בנעימות געזאָגט צו די ווייבער: — שוין לייגן שלאָפן די קינדער, באַלד נאָכן בענטשן !



עס האָט אויפגעשיינט אַ שיינער פרימאָרגן. מיר דריי האָבן זיך פאַר־נומען אין וועג אַריין. צאַלקע האָט אונדז אָנגעקוקט, ווי ער וואָלט אונדז נישט

פאַרשטאַנען. ער האָט זיך געוואַלדיק געוווּנדערט: וואָס?! איר גייט גאָר אַוועק? ווייסט איר וווהין איר גייט?! ער האָט זיך מיט אונדז לאַנג געשפּאַרט. די באַלעבאָסטע האָט אונדז מיטגעגעבן צידה לדרך. צאַלקע און אַלע האָבן אונדז אָנגעזאָגט אויף למען־השם, אַז ווען מיר וועלן גיין צוריק, זאָלן מיר ביי זיי אָפּטרעטן... — אַ גוטן יום־טוב!

**
*

מיר זענען לאַנג געגאַנגען שווייגנדיק; יעדער פון אונדז דריי האָט אין זיין דמיון געהאַט צו טון מיט די געשטאַלטן פון אָוונט.

# ער האָט געזאָגט דעם אמת

כאַסקעלע האָט געאַרבעט ביי נחמיהן דעם מעבל־סטאָליער, אָבער ווייטער פון זעגן און הובלעיוען איז ער נישט געגאַנגען. ער האָט נישט געהאַט דעם נערוו פון אַ גוטן בעל־מלאכה און דערצו איז ער נאָך געווען אַ קריכער אין דער אַרבעט: ער האָט געהובלט און געהובלט און איז געשטאַנען אויף איין אָרט. נישט נאָר נחמיה, דער באַלעבאָס, נאָר אויך די געזעלן, וואָלטן שטאַרק צופרידן געווען, ווען מען נעמט פון זיי צו כאַסקעלען.

אין פאַריין פון די סטאָליער־אַרבעטער האָט מען ווידעראַמאָל מיט אים איינגעטענהט: — מיר האָבן אונדזערע פעסטע פּרייזן, דאַרפסט וויסן, כאַסקעלע, אַז אַ „ווייסער" סטאָליער איז נישט קיין מעבל־סטאָליער און דערצו איז דאָ אַ רעכענונג וויפיל אַרבעט ער דאַרף אַרויסגעבן, דאַרפסט אונדז דאַנקען, כאַס־קעלע, וואָס דו פאַלט נישט אַרויס. כאַסקעלע האָט דערויף גאָרנישט געענט־פערט. דער נידעריק־וווקסיקער כאַסקעלע איז געשטאַנען ווי אויף הייסע קוילן. זיין שמאָל טונקל פּנים האָט זיך באַשאָטן מיט ווייסע און רויטע פלעקן. זיינע דיקלעכע ליפּן זענען געווען צוזאַמענגעפּרעסט און זיינע קליינע טיפע אויגן זענען איצט געווען נאָך קלענער, איינגעצויגן און האָבן געשטאָכן מיט אַ בייז פייערל. ער האָט אָבער געוווסט, אַז אין רוסלאַנד זענען אַלע גלייך, עסן גלייך און אַלע זענען אַלץ איינס אָנגעטאָן. אָט דאָס האָט אים געעגבערט ביי דער אַרבעט דורכן גאַנצן טאָג, קוקנדיק אַזוי צו דער „חברה"... און נאָך שאַרפער האָט דאָס אים געעגבערט, ווען ער איז געווען אין פאַראיין.

וואָס עס טוט זיך אין רוסלאַנד, האָט ער געוווסט פון זיין „לינקן" קרייז, „די פרייהייט". די רעפערענטן האָבן דאָס תמיד געלערנט מיטן קרייז. די אַלע רעפערענטן האָבן דאָס דערציילט מיט פייער. יעדעס מאָל איז ער נאָך אַזאַ לעקציע אַוועקגעגאַנגען מיטן באַשלוס, אַזוי גוט ווי אַ שבועה, אַז מאָרגן, איבער־מאָרגן, וועט ער קויפן אַ קעסטל, אַריינלייגן אין דעם זיין ביסל זאַכן און ער

זועט אַוועק קיין רוסלאַנד. ער איז אָבער דערצו אויך געווען אַ שווערער מענטש, ער האָט דאָס אַלעמאָל אָפּגעלייגט און ער איז נישט אַוועק.

ער האָט דערפאַר, סיי אויפן קרייז „די פרייהייט" און סיי אויף די פאַר־זאַמלונגען פון פאַראיין זיך גאָרנישט אָנגערופן, אַפילו ווען די „חברה" האָט זיך פאַנאַנדערגעלאָזט מיט ליגנס אויף רוסלאַנד. ער איז שטיל געזעסן אין אַ ווינקל און הנאה געהאַט פון העניעקס היציקער דיסקוסיעס מיט דער „חברה", ווי ער האָט זיי געגעבן; העניעק האָט זיי געזאָגט אָפּן, אַז זיי זענען ליגנערס. דאָס ערשטע מאָל, ווען כאַסקעלע האָט זיך אָנגערופן מיט אַ וואָרט, איז געווען, ווען שימעק, דער פאָרזיצער פון פאַראיין האָט זיך ליגנעריש פאַנאַנדערגערעדט, אַז עס איז אַ הונגער אין רוסלאַנד, און ער האָט נאָך געמאַכט אַ מינע פון אַ גוטן מענטש, ער האָט אויפגעפאָדערט די פאַרזאַמלטע זיי זאָלן זיך באַשטייערן לטובת די הונ־געריקע מיט אַ טאָג פאַרדינסט. עס האָט אים אונטערגעהויבן, ער האָט געשוויגן. ער האָט געוואַרט, אַז העניעק זאָל איצט רעדן און זיי דערפאַר אויסזידלען. העניעק האָט אָבער נישט גערעדט. די פאַרזאַמלטע האָבן דערלאַנגט די באַ־שטייערונג. האָט כאַסקעלע שוין נישט געקענט אויסהאַלטן און האָט מיט אַ ווילד קול אויסגעשריגן: „איר ווייסט דאָך אַליין, אַז דאָס איז ליגן". עס האָט אים געקרענקט, כאַסקעלען, וואָס העניעק, דער גרויסער קעמפער, מאַכט צו אים מיט דער האַנט, ער זאָל זיך אַוועקזעצן... ער האָט געטראַכט, אַז דער העניעק האָט זיך „איבערגעדרייט". ער האָט געקוקט צו העניעקן מיט קליינע, בייזע אויגן.

*****

פון קרייז „די פרייהייט" האָט מען צו וויסן געטון כאַסקעלען, אַז ער מוז קומען צו דער פאַרזאַמלונג פון סטאַליער־פאַראיין, ווייל מען ריכט זיך, אַז עס וועט דאָרט זיין אַן אַטאַקע אויפן ראַטנפאַרבאַנד. אוודאי איז ער געקומען, ער איז געקומען דער ערשטער און זיך אַוועקגעזעצט. דאָס פאַך איז זיך צוזאַמענ־געקומען, שימעק, דער פאָרזיצער פון פאַראיין, האָט שנעל־שנעל גערעדט וועגן דער לאַגע אין פאַך, אַז דער יקרות שטייגט און די פאַרדינסטן זענען דערפאַר היינט זייער קליינע. ער האָט שנעל־שנעל געמאָלדן, אַז מאָרגן־איבערמאָרגן וועט דער פאַראיין אַרויסשיקן צו די פאַבריקאַנטן אַ פאָדערונג וועגן אַ הוספה און דערמיט איז דאָס געענדיקט. שימעק האָט אַ שאַר־געטון מיט דער האַנט איבער זיינע גרויסע וואָנסעס און האָט געלאָזן אָנגעהויבן דערציילן די פאַרזאַמלטע, וואָס ס'טוט זיך אין רוסלאַנד, עס איז דאָרט אַזאַ טעראָר, וואָס די וועלט האָט נאָך נישט געזען; סטאַלין שיסט אויף רעכטס און לינקס. יעדן טאָג משפטים און יעדן

טאָג עקזעקוציעס. מיר מוזן אויפהייבן אונדזער שטימע און פאַרדאַמען דעם טעראָר פון די באָלשעוויקעס.

עס איז געווען אַ טויט־שטילקייט. דער פאָרזיצער האָט געמאָלדן העניעקן, אַז ער האָט דאָס וואָרט. העניעק האָט גערעדט צו־הויך, צופיל מיט פייער. ער האָט געטייטלט מיטן פינגער אויפן פרעזידיום, אַז זיי זענען...

כאַסקעלע האָט געפילט, אַז העניעק האָט נישט געזאָגט דאָס ריכטיקע וואָרט, וואָס מוז געזאָגט ווערן, האָט ער זיך אויפגעריסן פון אָרט און געשריגן צום פאָרזיצער: — איר ווייסט אַליין, אַז עס איז אַ ליגן! מער האָט נישט געפעלט. עס איז געוואָרן אַ טומל אַרום כאַסקעלען. מען האָט אים געשטויסן צו דער טיר און העניעק האָט געשריגן פון אַ באַנק אַראָפּ: — רירט נישט אָן אַן ערלעכן אַרבעטער!...

**
*

כאַסקעלע איז היינט, ווי יעדן טאָג, געקומען אין נחמיהס סטאָלאַרניע, מיט שטילע טריט און נעבעכדיקן אויסזען, אָנגעטאָן אַן אָפּגעצויגען דין אַנצוגל און אויפן קאָפּ אַן אַלט שוואַרץ ספּאָרט־היטעלע און אַזוי ווי ער איז אַריין, האָט אים אַרומגעכאַפּט אַ שטורעם, אַן עולם מענטשן, באַקאַנטע און פרעמדע רעדן שרייענדיקע, אַלע אינאיינעם. עס האָט כאַסקעלען אויסגעזען, אַז פון דער פאַבריק איז געוואָרן אַ וואָקזאַל. כאַסקעלע איז געבליבן שטיין, פאַרקוקט צום עולם, וואָס אַלע רעדן, אַלע שרייען און אַלע ווייזן און קלאַפּן מיט די הענט אויף צייטונגען.

— אַזאַ זאַך. מיט היטלערן?!

— עס איז מלחמה!

— מיר זענען באַגראָבן. אויס פאַבריקן, אויס האַנדל. מלחמה!

— מיר קומט אויס פון בריק אין וואַסער אַריין.

— פונקט איצט זענען מיינע קינדער ערגעץ אין די שקאָלעס.

כאַסקעלע האָט דאָס קנאַפּ פאַרשטאַנען און ער איז נישט געווען דרייסט זיי איבערצופרעגן, אָדער נעמען ביי זיי אַ צייטונג, אויף וואָס זיי האָבן אַזוי גע־קלאַפּט. ער איז געשטאַנען און געקוקט מיט קליינע אויגן. נחמיה האָט דערזען זיין אַרבעטער, כאַסקעלען, וואָס איז גאָר אַ חסיד פון סטאַלינען, איז ער אים פאַרבייגעגאַנגען מיט אויפגעהויבענע אַקסלען און בייזע אויגן און אים אַריינ־געזאָגט: — דיין רבי סטאַלין איז די אמתע בראָך!... כאַסקעלע האָט אַ ציטער־געטון, ווי דער מייסטער וואָלט אים געוואָרפן אין פנים אַריין אַ מיאוסע שמאַטע.

— נאַ דיר אַ צייטונג, כאַסקעלע — איז צו אים צוגעגאַנגען דער ערשטער

געזעלן, לייזער, אַ וווקסיקער יונג מיט אַ הויכן קענדזשער — לייען און האָב נחת!

כאַסקעלע האָט געקוקט, געקוקט, געפילט זיך געפּלעפּט פון גרויסן בילד אויף דער סאַמע ערשטער זייט, סטאַלין האַנט ביי האַנט מיט דעם דייטשן רי־בענטראָפּ, די רעכטע האַנט פון היטלערן. ער איז געווען ווי געליימט — סטאַלין האָט אים אָוועקגעהרגעט! סטאַלין מיט ריבענטראָפּן, ווי צוויי חברים, ווי צוויי אַלטע פריינט. ער האָט אויפגעציטערט, אָבער כאַסקעלע האָט דאָך געוווּסט וואָס צו ענטפערן די שרייערס. ער איז צוגעגאַנגען צו לייזערן, וואָס האָט אים גע־געבן די ציַיטונג. ער האָט געשפּריצט מיט גאַליקע ווערטער: סטאַלין זוכט שלום אויף דער וועלט, האָט ער גערעדט מיטן דייטשן מיניסטער. פון וואַנען נעמט איר אַ מלחמה? פון וואַנען נעמט איר אַ מלחמה? און איך בין זיכער, לייזער, אַז זיי האָבן זיך נישט פאָטאָגראַפירט, נאָר אַ פאָטאָגראַפיסט, אַ שונא פונעם ראַטנפאַרבאַנד האָט אויפגעכאַפּט, ווען די צוויי האָבן גערעדט און ער האָט עס פאַנאַנדערגעשיקט צו די בלעטער, — אָבער מלחמה? ווי קומט דאָס צו מלחמה?

— וואָס?! האָט אַ פרעמדער הויך־וווקסיקער פאַרשוין אַ קוויטש געטון, ווי ער וואָלט דערשפּירט אַ מעסער אין רוקן, — וואָס?! ווי הייסט ער דאָרט?! איך טו אים אַ נעם, פליט ער דורכן פענצטער!

לייזער האָט אים באַשיצט. ער האָט אים צוגעפירט צו דער טיר און אים געזאָגט, ער זאָל גיין אַהיים.

ער איז נישט געגאַנגען. ווו האָט ער דען צו גיין? און ער האָט זיך גע־שפירט שוואַך ווי אַ פליג. ער האָט זיך צוגעזעצט אין אַ ווינקל. דאָס האַרץ האָט אין אים געוויינט: וואָס האָט ער זיך פאָטאָגראַפירט מיט אַ היטלעריסט? עס איז דאָך מיאוס?

ער האָט זיך געפילט פאַרשעמט און אַזוי איז ער אַרויס פון דער פאַבריק.

***

די סטאָלעריי איז געשלאָסן. דער פאַראיין איז געשלאָסן, דער קרייז „די פרייהייט" איז זיך נישט צונויפגעקומען. כאַסקעלען האָט שטאַרק געביטערט, וואָס דער קרייז איז נישטאָ. די שטאָט האָט געפיבערט. מען האָט דערוואַרט אַ בייזן שטורעם. מענטשן האָבן פאַרשיידנס געזאָגט, אַפילו דאָס, אַז אין פאַל פון אַ מלחמה וועט סטאַלין זיין מיט היטלערן. כאַסקעלע האָט זיך אַרומגעדרייט איבער די גאַסן, ער האָט נישט געהאַט ווו צו זיין, האָט ער זיך צוגערוקט צו אַ

גרופּקע ייִדן, צוגעלייגט אַן אויער. עס האָט אים ווײ־געטון, וואָס זיי פּלוידערן, האָט ער זיי פאַרזיכערט, אַז סטאַלין וועט נישט דערלאָזן צו קיין קריג. האָבן זיך אַלע אומגעקוקט אויפן זאָגער. מען האָט אים שוין געהאַלטן ביים קאָפּ... ער האָט זיך דערנאָך געטאַפּט איבערן גאַנצן קאָפּ, צי עס גייט נישט קיין בלוט. ער האָט אַ סך געשפּיגן, ווייל עס האָט אים ווײ־געטון אין האַלדז. כאַסקעלען האָט שטאַרק פאַרדראָסן אויף העניעקן, אויפן „באַלעבאַטישן זונדל", וואָס רופט נישט דעם קרייז, ווייל עס דאַרף דאָך קלאָר ווערן. ער האָט זיך אַרומגעדרייט איבער די גאַסן ווי אַ „קאָלעק", ער האָט שוין געהאַט דעם געדאַנק צו פאָרן צו טאַטע־מאַמע קיין פּאָקשיצע. ער האָט די גאַנצע צייט, די אַלע יאָרן, וואָס ער איז דאָ געווען פאַר קיינעם נישט דערמאָנט מיט אַ וואָרט, אַז ער האָט ערגעץ טאַטע־מאַמע, ער האָט זיי קיינמאָל נישט אין זינען געהאַט. אַמאָל ,אַמאָל האָט זיך אים דערמאָנט, ווי דער טאַטע האָט אים געיאָגט איבערן מאַרק אין פּאָק־שיצע: — דאַוונען ווילסטו נישט, אָבער עסן ביי מיר ווילסטו יאָ?! ער האָט זיך מיט זיי נישט געזעגנט און ער איז אַוועק פון דער היים; שוין יאָרן, ווי ער טראַכט נישט וועגן טאַטן, אָבער איצט איז עס אים איינגעפאַלן, ער וועט אַראָפּפאָרן, ער וועט דעם טאַטן געבן אַ ביסל געלט, ער וועט זיין מיט זיי עט־לעכע וואָכן ביז די וועלט וועט זיין ווידער וועלט. עס האָט אים געצופּט ביים האַרץ — ער איז אָבער נישט געפאָרן.

***

די מהומה איז געקומען פּלוצים, ווי אין איין רגע. קינד און קייט אין גאַס. „דער דייטש גייט!"; „ער איז שוין ביי וואַרשע!"; „וואַרשע ווערט איצט פאַרנו־מען און ווי ווייט איז עס אַהער?". נישטאָ קיין צייט צו רעדן. כאַסקעלעס ספּאָרט־היטעלע איז געווען פאַררוקט אַראָפּ איבער די אויגן, ער האָט זיך גע־שעמט און אויך מורא געהאַט. — מענטשן זענען איצט ווי חיות! ערשט אויפן צענטן קילאָמעטער ווייט פון שטאָט, האָט ער אַרויפגערוקט דאָס היטעלע, ער האָט פריי אָפּגעאָטעמט. ער איז געווען אינדערמיט פון גאַנץ פרעמדע מענטשן, פון שטעט און שטעטלעך פון גאַנץ פוילן, ער האָט געשיינט ווי אַ בלום: מען גייט צו דער רוסישער גרענעץ און אַז ער וועט אַריבער די גרענעץ, אַריינפאָרן קיין מאָסקווע, זיך גלייך מעלדן צו דער פּאַרטיי, ער וועט דערציילן, וואָס פאַר אַ צרות ער איז אויסגעשטאַנען אין דעם פּוילן. פון פאַראיין מיט שימעקן, דעם פאָרזיצער, און אַפילו פון דעם העניעקן, דאָס באַלעבאַטישע זונדל, ער האָט גע־שפּיגלט ווי די זון, כאַסקעלע האָט זיך געכאַפּט, אַז מיט אַ צוויי שעה צוריק

## י. ה. פישמאַן

איז ער פאַרבייגעגאַנגען פּאַקשיצע און ער האָט עס נישט באַמערקט. עס איז אים אַרויס פון געדאַנק, די ריזיקע מאַסע האָט געשטראָמט ווי אַ ים, קולות זענען געגאַנגען פון אונטן: שנעלער! שנעלער! כאַסקעלע האָט געהאַט גע־ברענטע יסורים פון זיינע שכנים, פון רעכטס און פון לינקס. אַזעלכע ווערטער אַזעלכע רייד! כאַסקעלעס אויערן האָבן געהערט קללות אויף סטאַלי־נען מיט היטלערן אינאיינעם. — זיי האָבן ביידע באַדאַרפט אויסגערונען ווערן אין די מאַמעס בייכער! ער האָט אויפגעציטערט, ווי זיי וואָלטן געשאָסן. ער האָט זיי שאַרף אָנגעקוקט איינצוקריצן זייערע פּנימער אין זיין זכרון.

***

אויפן אַכטן טאָג איז פון כאַסקעלען געווען אַ העלפט, די הויזן זענען אויף אים געוואָרן צו־לויז, די מאַרינאַרקע איז אים געווען ברייט ווי אַ כאַלאַט. די מאַסע און כאַסקעלע זענען געווען מיד. מען איז שוין נישט געלאָפן. די מאַסע האָט זיך פאַנאַנדערגעשפּרייט איבער וועלדער און פעלדער. מען האָט זיך אויס־געצויגן אויפן גראָז. מען האָט געאָטעמט אין זיך די חיותדיקע לופט, די בלוי־קייט פון הימל און די גרינקייט פון די פעלדער. די זון האָט געלויכטן מיט אַ שמייכל, עס איז געוואָרן רירעוודיק ביי די מענטשן. מען ווייסט, פון וואַנען ווייסט מען עס? די רויטע אַרמיי איז שוין אין ב.. מען רופט די מענטשן פון וואַלד, פון די פויערישע הייזקעס. מען גייט מיט די פעלדער. כאַסקעלע שיינט שוין ווידער, ער האָט זיך אָנגעטאָן אַ ווייס ריין העמד, ער האָט זיך צוגעקעמט דעם קאָפּ. די יונגעלייט זינגען. כאַסקעלע מיט זיין ווילד־קרייענדיק שטימעלע האָט זיך געלאָזט הויך זינגען אַ סאָוויעטיש ליד. די יונגעלייט האַלטן זיך נאָענט צום זינגער און מען האַלט מיט דאָס געזאַנג, וואָס קלינגט איבער פעלדער און דערפער.

עס איז אַ פרייליכער טומל, יינגלעך באַרימען זיך איצט, אַז אַזוי ווי זיי קומען אין ב. וועלן די סאָוועטן זיי גלייך געבן אַרבעט. זאָגט איינער, אַז ער וועט קריגן דער ערשטער. זאָגט אַ צווייטער, אַז ער וועט פריער קריגן. אַלע טוליען זיך צו כאַסקעלען. מען פּילט אין אים אַ באַהאַלטענעם גרויסן קאָמוניסט. — ער איז אַ שישקע! כאַסקעלע זעט אויס שטאָלץ, ווי אַ בעל־גאווה. ער גייט צו זיינע רבים, צו זיינע לערער, צו זיינע חברים; מען שושקעט אַריין אין כאַס־קעלעס אויער נעמען, נעמען צו געדענקען ווער זיי זענען.

כאַסקעלע גייט אַ פּאַרטיפּטער און טראַכט פּלענער. כאַסקעלע האָט אַראָפּ־גענומען דאָס היטעלע פון קאָפּ פאַר די רויטע פענער. די יונגעלייט האָבן אויך

אַזוי געטון — מסתמא מוז מען דאָס! ער איז אַריין אין ב. אַ באַרוישטער פון דער רויטקייט און פון געזאַנג. יעדער זעלנער זינגט. אַלע גאַסן שפּילן. ער איז געווען באַרוישט!

***

עס האָט כאַסקעלען גאָרנישט געאַרט, וואָס ער איז די נאַכט געשלאָפן אינדרויסן, אויף אַ בריקל פון אַ פאַרמאַכטער קראָם. כאַסקעלע וועט צוליב אַזאַ קלייניקייט נישט טראָגן די מינדסטע פּרעטענזיע צום ראַטנפאַרבאַנד און ער איז דעריבער געשלאָפן געשמאַק. אויף צו־מאָרגנס איז ער דאָס ערשטע געגאַנגען אין באָד אַריין, מען דאַרף פרייער זיך אַרומוואַשן, אין באָד איז ער אַריין צווישן נאַקעטע יינגען, וואָס זענען שוין אין ב. „אַלטע" איינוווינער, זיי זענען שוין אַ פינף טעג. אויפן ערשטן בליק האָט כאַסקעלע אין זיי געזען שיינע לעבעדיקע יינגלעך. — אַזעלכע דאַרף דער ראַטנפאַרבאַנד! אָבער איין מינוט שפּעטער איז אים געוואָרן אַזוי ביטער, אַז עס האָט זיך אים געגלוסט צו שרייען „געוואַלד!" דאָס מוזן זיין רויבער, גזלנים.. די יונגען זענען געשטאַנען אויף אַ טיש און מיט גבורה זיך געזייפט און געוואַשן. זיי האָבן זיך געחכמהט איבערן ראַטנפאַרבאַנד:

— בערטשע, ווו גייען מיר עסן?

— צו דער „וולאָסט". זיי וועלן דיר געבן פון כל־טוב.

— זאָלן זיי אַזוי לעבן!

— העי, בעניעק. איך האָב זיך רעגיסטרירט אויף אַרבעט.

— זאָלן זיי אַזוי לעבן ווי זיי וועלן אונדז געבן אַרבעט!

כאַסקעלע האָט געשטוינט. עס האָט אים אַזש אָנגעכאַפּט קראַמפּן אין בויך. ער האָט זיך שנעל אָנגעטאָן. ער גייט מעלדן וועגן זיי דער פּאָליציי. אין גאַס האָט אים פאַרכאַפּט אַ טומל אַרום מענטשן מיט אַרומגעבונדענע קעפּ. ער האָט אויפ־געציטערט. די קעפּ זענען געווען אַרומגעבונדן מיט נאַז־טיכלעך מיט רויט־פאַרגאָסן בלוט. וואָס דאָ טוט זיך! כאַסקעלע האָט פאַרגעסן אין די יינגלעך אין באָד. די מענטשן דערציילן דאָך אויסטערלישע זאַכן. זיי קומען פון אַ גיהנום. די דייטשן רויבן און מאָרדן יידן; אייניקע זענען שוין געשטאַנען צום דערשאָסן ווערן. דייטש מאָרדן יידן אויף טריט און שריט, דייטשן העצן פּאָליאַקן, מיר זענען דאָרט ביי דער גרענעץ, ביים בוג, שיער נישט געהרגעט געוואָרן. דייטשן פירן זיך אַרום מיט פּוילישער „שומאָווינע" און מען שלעפּט אַראָפּ אין גאַס די מלבושים פון יידן און יידישע פרויען און מען גיט דאָס אַוועק אַ מתנה די פּאָליאַקן. — עס האָט געמעגט טרעפן די ערשטע כאָליערע די וואָס האָבן גע־

האַלפֿן היטלערן, ער זאָל אַרויסגיין אין קריג! האָסטו דאָך אָבער דערפֿאַר סאָציאַליזם. איך פֿייף אויף אַזאַ „ציציעליזם"... כאַסקעלע איז אַוועק אַן אויפֿגעקאָכטער. מען דאַרף זיי זאָגן, די פֿירער פֿון דער רויטער אַרמיי, די „קעפּ" פֿון די באָלשעוויקעס, וואָס עס געשעעט מיט ייִדן ביי די דייטשן. זיי ווייסן דאָך נישט. כאַסקעלע איז צוריקגעלאָפֿן מיטן געדאַנק צו זאָגן די ייִדן מיט די פֿאַרבונדענע קעפּ, זיי זאָלן אַלע גיין צו דער מאַכט, זיי זאָלן דערציילן. ער האָט אָבער גאָרנישט געזאָגט. ער איז געבליבן שטיין ווי אַ האַלב־טויטער, ער האָט עפּעס נישט געגלייבט, אַז דאָס איז אמת.

כאַסקעלע האָט דערשפּירט הונגער און חלשות. ער איז אַריין אין אַ קליינער קאַוויאַרניע. ער האָט געבעטן אַ שטיקל ברויט און אַ גלאָז טיי. ער איז געוועזן מיד. עס האָט זיך נישט געגעסן.

ער איז אַוועק אומעטיק, עס האָט אים באַנג־געטון, וואָס ער איז נישט אַראָפּ אין פּאָקשיצע, נישט געגומען טאַטע־מאַמע און זיי אַרויסגעכאַפּט פֿון אַזאַ גיהנום, וואָלקנס האָבן זיך געצויגן פֿאַר זיינע אויגן. ער האָט דאָס גלאָז טיי אויסגעטרונקען מיט איין מאָל. דאָס ברויט האָט ער נישט געגעסן. די קאַוויאַרניע איז געוועזן פֿול מיט פּליטים, מענער, ווייבער און קינדער. ער האָט געקוקט צו זיי מיט פֿייכטע אויגן. אַ מאַן בעט זיין ווייב, זי זאָל אויך עסן זיין שטיקל ברויט. אַ מאַמע רעדט צו איר קינד: שפּעטער וועלן מיר עסן מיטאָג. נעם דאָס שטיקל ברויט, וועסטו זיין זאַט ביז צום מיטאָג. כאַסקעלע איז אַרויס פֿון דער קאַוויאַרניע. ער האָט געפֿילט, ער האָט נישט וווּ צו גיין. פֿון אַלע וועגן האָבן געשטראָמט אין שטאָט אַריין פּליטים פֿון דער דייטשער זייט. זיי דערציילן און דערציילן פֿון דייטשע מערדערייען איבער ייִדן, אַז עס גרוילט צו הערן. אַ יונגערמאַן, אַ ליטוואַק האָט איינעם פֿון די דערציילער אָנגעכאַפּט ביי דער קלאַפּע פֿון מאַנטל און צו אים געשריגן אין פּנים אַריין: — איך בעט אייך, רב ייִד, רעדטס נישט מער קיין איין וואָרט. דאָ פֿאַרליידט מען עס נישט!...

***

כאַסקעלע איז געשטאַנען פֿאַרן גרויסן הויז מיט די רויטע פֿענער אויפֿן דאַך. מענטשן אַריין, מענטשן אַרויס. „רויטע" גענעראַלן און „רויטע" סאָלדאַטן און ציווילע מענטשן. עס רוישט. ער האָט נישט געהאַט וווּ צו גיין. פּלוצים איז אים איינגעפֿאַלן און ער איז אַריין אינעווייניק. ער האָט גלייך געוואָלט אַרויסגיין, ווי איינער, וואָס זעט אַז ער האָט פֿאַרבלאָנדזשעט. אַ סאָלדאַט האָט אים אַ פֿרעג געטון: „צו וועמען?"

— איך האָב עפּעס צו דערציילן — האָט כאַסקעלע גערעדט ווי ער וואָלט נישט געהאַט קיין כוח.

— קום!

עס האָט אים שוין באַנג־געטון כאַסקעלען. ער האָט אָבער געהאַט דאָס געפיל, אַז ער איז ביים סאָלדאַט אין די הענט. זיי זענען געגאַנגען טרעפּ־אַרויף, דער סאָלדאַט האָט אים אַריינגעלאָזט אין אַ גרויסן צימער און ער איז נאָכגע־גאַנגען. כאַסקעלע איז געבליבן שטיין, ער האָט געזען ביים טיש זיצן אַ מיליטער־מאַן און אַ היטל מיט אַ בלויען לאַמפּאַס אויפן טיש, לעבן אים.

כאַסקעלע האָט געשפּירט אַ היץ איבערן לייב. דער סאָלדאַט האָט געטון כאַסקעלען אַ שטויס, ער זאָל גיין ווייטער. ערשט איצט האָט כאַסקעלע געזען, אַז דער אָפיציר איז אַ צו־דיקער, אַז זיין פּנים איז גאָרנישט קיין חבריש פּנים. עס האָט אַן איבערמאָסיקע געזונטקייט און אַז זיינע האָר זענען געשניטן ווי גראָז. אַז דער אָפיציר האָט אים געפרעגט ווי עס איז זיין נאָמען, האָט ער גאַנץ שטיל געענטפערט:

— כאַסקל גערשטנזאַנג.

— אַ דייטש?

— אַ ייִד.

— הם.. וואָס־זשע האָסטו צו זאָגן?

— איך וויל זאָגן, אַז אויף יענער זייט זענען די דייטשן מערדערס אויף ייִדן. איר דאַרפט דאָס וויסן!

דער אָפיציר איז אויפגעשפּרונגען, גלייך ווי ער האָט דערהערט אַזוינס, וואָס ער טאָר נישט הערן. כאַסקעלעס אויגן זענען איצט געווען זייער קליינינקע, מיט אַ שטעכיק פייערל, געקוקט גלייך צום אָפיציר אין פּנים. דאָס אויג איז געווען ווי פאַרגליווערט אויף איין פּונקט, אויפן אָפיצירס פּנים. שווייס האָט זיך געגאָסן איבער זיין לייב. אויף זיין פּנים האָט דער שווייס זיך געבלעזלט.

דער סאָלדאַט האָט געשטויסן כאַסקעלען צום אַרויסגאַנג. כאַסקעלע האָט געוואָלט זיך אומקערן, פרעגן פאַרוואָס ער איז אַרעסטירט, אָבער ער האָט דאָס נישט געטון. ביים אַרויסגאַנג צו דער גאַס האָט דער סאָלדאַט אים געהאַלטן מיט דער האַנט. כאַסקעלע האָט געשפּירט אַ חלשות, ווי צום ברעכן. עס איז אים נאָכגעלאָפן אַן איבלדיקער ריח. ער האָט פאַרן הויז געבראָכן פון ליידיקן מאָגן. דער סאָלדאַט האָט אים שנעל אַריינגענומען אין אַ דראָזשקע און איז מיט אים אַוועק.

# סעקונדן

לאהלעס עלטערן זענען געווען דערקעגן זיך צו לאָזן אין וועג אַריין צו פאָרן קיין קאָמאַראָווע, צו דער מאַמעס ברודער. דער פעטער שמואל האָט שוין צוויי בריוולעך געשריבן, אַז אין קאָמאַראָווע איז גאָר־גאָר נישקשהדיק. עס איז נישט אַ סך ערגער ווי פאַר דער מלחמה. לאהלעס עלטערן האָבן געהאַלטן, אַז דער וועג קיין קאָמאַראָווע איז זייער אַ ווייטער. פון לאָדזש קיין קאָמאַראָווע, בפרט איצט, איז פאַר אַ ייִד אַ גרויסע סכנה צו פאָרן, סיי מיט דער באַן און סיי מיט פורן און ווו מען וועט קומען וועט מען טרעפן דעם דייטש.

נאָך שאַרפער זענען זיי געווען קעגן, אַז לאהלע זאָל אַליין פאָרן קיין קאָ־מאַראָווע. לאהלע איז בסך־הכל אַלט געווען 17 יאָר. אין זייערע אויגן איז זי גע־ווען אַ קינד און דערצו אַ בילד־שיינקייט... לאהלע האָט זיי אָבער נישט געהערט און זי איז אַוועק.

פאַר דער מלחמה האָט אַזאַ מהלך גענומען מיטן באַן צען שעה. היינט האָט דאָס גענומען העכער צוויי מעת־לעת. זי איז געפאָרן מיטן באַן, מיט פורן און געגאַנגען צופוס. ווי זי האָט דערזען דייטשן איז זי אַראָפּ פון באַן. ווי זי האָט דערזען אָנקומען דייטשן מיטן שאָסיי, איז זי שנעל אַראָפּ פון דער פור און גע־גאַנגען צופוס מיטן וואַלד. סיי אין באַן, סיי אויף די פורן, האָבן די פוילישע מאַמעס נישט אַראָפּגעלאָזט זייערע אויגן פון דעם שיינעם מיידל. זיי האָבן צווישן זיך „גאַווענדזשעט" (געפּלוידערט), אַז זי איז אַ ייִדישע...

זי איז ענדלעך אָנגעקומען אין קאָמאַראָווע. דאָס שטעטל איז איר אויפן ערשטן בליק, געפעלן געוואָרן. זי האָט קיין דייטשן נישט געזען. ייִדישע גע־וועלבער זענען געווען אָפן. אַ סך ייִדן זענען געווען אין גאַס. דער פעטער שמואל און די מומע חנה האָבן איר אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס. מען האָט זיך מיט איר געפרייט, ווי פאַר דער מלחמה, ווען עס איז געקומען אַ גאַסט. דער פעטער מיט דער מומע האָבן שטאַרק באַדויערט, וואָס זיי זענען נישט אַלע געקומען.

— וואָס זענען זיי אַזוי צוגעבונדן צו לאָדזש? איז דיין טאַטע אַזוי פאַרנומען? אין אַ גרויסער שטאָט איז אין אַזאַ צייט ערגער ווי אין אַ קליין שטעטל!

— זאָל זיין גוט, זאָל זיין גוט! די מומע חנה האָט זיך גאָרנישט געקענט אָפּקוקן פון דעם שיינעם כלה־מיידל. זי האָט באַלד אין איר קאָפּ געמאַכט דעם שידוך, לאהלען מיט איר ברוכן... לאהלע האָט נאָר געקוקט אין פענצטער, צי עס זענען נישטאָ קיין דייטשן אין גאַס. דער פעטער שמואל און די מומע חנה האָבן זיך אָנגעשטויסן, וואָס לאהלע טראַכט. — געלויבט צו גאָט ווי ער פירט מיט אונדזער קאָמאַראָווע! — האָט די מומע געזאָגט. — איז טאַקע אין אַנדערע שטעט אַזוי שלעכט ייִדן, ווי מען זאָגט דאָ? — איינמאָל אין וואָך —האָט דער פעטער דערציילט לאהלען,— קומט דאָ אַ דייטש פאַר יוצא־וועגן, עס קאָסט אונדז ייִדן, אַ מאַסע געלט! און דער פעטער שמואל האָט דערציילט לאהלען וועגן אַלטן קאָמאַראָווער רב, וואָס לעבט נישט ביי פופציק יאָר. ער איז געווען אַ גרויסער צדיק. ער האָט דער שטאָט געגעבן אַ ברכה פאַר דער פטירה, אַז זי וועט פון אַלע צרות ניצול ווערן... און דאָך האָט לאהלע אָפט אַ קוק־געטון צום פענצטער. זי איז געווען דורכגענומען מיט פחד פאַר די דייטשן. דאָס אַלץ, וואָס זי האָט געזען אין לאָדזש, צי אין באַן, האָט איצט געשוועבט פאַר אירע אויגן. זי האָט זיי נישט דערציילט, ווי עס זעט אויס אין געטאָ אין לאָדזש, ווי עס זעט אויס ביי די טויערן פון געטאָ, וואָס עס טוט זיך דאָרט מיט ייִדן, צי אין באַן, ווי ביי יעדער סטאַציע האָבן דייטשן אויפגעריסן די טירן מיט אַ ווילד געשריי: „יודען הערויס!“, אָדער ווי די דייטשן האָבן אין וואַגאָן קאָנטראָלירט די דאָקומענטן און זי האָט זיך איינגעקאָרטשעט אין אַ ווינקל און ווי אַ פויגל אַרויס פון באַן. זי האָט פון דעם זיי גאָרנישט דערציילט און זי האָט נאָר געקוקט אין פענצטער.

ברוך, דעם פעטערס ייִנגל איז אַריינגעקומען פון גאַס. אַ בלאָנד בחורל מיט רויטע בעקלעך. די מאַמע האָט אים פאָרגעשטעלט פאַר לאהלען: — דער מומע ברכהס מיידל פון לאָדזש. ברוך האָט זיך פאַרנייגט פאַר לאהלען. לאהלע האָט צו אים ווייניק וואָס געקוקט. דער מומען האָט דאָס שטאַרק פאַרדראָסן: וואָס איז מיט איר דער יחוס? זי איז שוין געוואָרן אַנדערש, אַ קאַלטע מומע. לאהלע האָט אָבער געהערט, וואָס ברוך דערציילט נייעס פון גאַס. ער האָט געבערענגט די נייעס, אַז מאָרגן וועט מען מעלדן, אַז ייִדן, פון זעכצן ביז דרייסיק יאָר, זאָלן געגומען ווערן צו דער אַרבעט. די מומע חנה האָט אים געפרעגט: — וואָס פאַר אַן אַרבעט? ווו איז די אַרבעט און אויף ווי לאַנג? דאָס ייִנגל האָט געטון אַ צי מיט די אַקסלען, אַז ער ווייסט נישט. דער פעטער שמואל האָט

רירעוודיק און לעבעדיק געזאָגט, אַז דאָס איז נאָר אַ פּאָרטל פון קאָמענדאַנט ווי אַרויסצוקריגן נאָך אַ קאָפּל מיט געלט. מילא, מען וועט מוזן געבן.

לאהלע האָט וויניק געגעסן פון דעם וואָס די מאַמע האָט פאַר איר געגרייט. אַזוי ווי זי איז אָנגעקומען. דער פעטער האָט איר דאָס אויסגערעדט. אויך די מומע האָט איר דאָס אויסגערעדט, געווען אַ פיינער טיש מיט עסן — איך בין מיד. איך בין מיד! — האָט לאהלע געענטפערט. די מומע האָט שוין געהאַט אַ בייזן געדאַנק וועגן לאהלען, אַז זי איז צופיל פאַרריסן;זי איז פון לאָדזש, אַ לאָדזשער־רין און טאַקע, וואָס זענען פאַר איר קאָמאַראָווער קרובים?

לאהלע איז די נאַכט נישט געשלאָפן. אַלע אין שטוב האָבן געשנאָרכט. — דאָס האָט איר שלעכט צוגעשפּילט. זי האָט געהאַט פאַר אירע אויגן: די שטוב, טאַטע־מאַמע, דינהלע און די גאַס. די דראָטן אַרום דעם געטאָ. דאָס אַרויסגנבענען זיך פון געטאָ. ווי אַ דייטש מיט גזלנישע אויגן האָט אויף איר אַ קוק־געטון, נאָר איז פונקט געוואָרן מיט עפּעס פאַרנומען און זי איז שנעל אַוועק.

ביי די שכנים אין הויז האָט זיך גערודערט. זי האָט געפילט ווי איר האַרץ וויגט זיך. זי האָט געהערט אַ קלאַפּן ביי דער טיר. די מומע האָט זיך אויפגעכאַפּט. זי האָט גערופן: — ווער איז עס? לאהלע איז געזעסן אויפן בעט מיט אַראָפּגעלאָזטע פיס. אירע אויערן האָבן אָנגעשפּיצט צו כאַפּן אַ וואָרט. אַ ייִד איז אריינגעקומען, ווייזט אויס אַ שכן. יענער האָט אַן אויפגערעגטער געפרעגט: — שמואל שלאָפט נאָך? — שמואל! שמואל! — האָט די מומע גערופן. דער פעטער איז אַרויסגעקומען פון שלאָף־חדר, דער ייִד האָט דעם פעטער דערציילט, אַז דייטשן אויף מאָטאָציקלען פאָרן אַריין אין שטאָט. דער פעטער האָט מיט אַ בייזער געפרעגט: — פון וואַנען ווייסט דאָס? — ראַכלינסקי האָט מיך פריִער אויפגעוועקט און מיר דאָס דערציילט! דער פעטער האָט זיך געכעסט: — דאַרפן זיי דאָך שוין זיין אין שטאָט? זענען זיי דאָ? ער איז צוגעגאַנגען צום פענצטער, — איך זע גאָרנישט!...

דער ייִד איז אַרויס פון שטוב. דער פעטער האָט געמאַכט אַ באַוועגונג אַהין און צוריק, ווי ער וואָלט נישט געוווּסט וואָס צו טון, צי צוריקגייִן אין בעט אָדער זיך אָנטאָן. לאהלע האָט פּלוצים געטון אַ געשריי: זיי זענען דאָ! זיי זענען דאָ! זי האָט זיך שנעל אָנגעטאָן און איז אַרויסגעלאָפן פון שטוב.

— לאהלע! לאהלע! — האָט די מוטער איר גערופן, אָבער לאהלע איז שוין נישט געווען.

— שמואל, שמואל — האָט די מומע גערופן איר מאַן — די „וואַריאַטקע״ איז אַוועק.

***

לאהלע איז געגאַנגען מיטן שאָסיי, געוועזן אַ שיינער הימל. פייגל האָבן אַרומגעהעצקעט איבער די ביימער. זי האָט דערזען דייטשן אויף מאָטאָציקלעטן. זי איז אַריין אין וואַלד, געגאַנגען נאָענט צום וועג. עס זענען געשטאַנען אויפן וועג פויערישע פורן. די פויערים האָבן צווישן זיך גערעדט, ווי זיי וואָלטן זיך מיישב געווען. זיי האָבן אַ צי־געטון די פערד אויף צוריק און זיי זענען צוריקגעפאָרן.

פאַרן דאָרף האָט זי מיט די הענט פאַרגלייכט אירע האָר און אָפּגעשטויבט דעם מאַנטל. עס איז איר איינגעפאַלן צו הייסן וואַנדאַ. זי איז אַריינגעגאנגען אין דאָרף מיט דרייסטע, זיכערע טריט, מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ, ווי אַן אמתע שיקסע. זי האָט געטון אַ דרייסטן שמייכל צו אַ גרויסשטאָטישער „פּאַננאַ״, וואָס איז געשטאַנען פאַרן ערשטן הויז פון דאָרף.

די דאָרפסלייט און די גרינקייט פון די פעלדער האָבן געגרייצט לאהלען.

— פון וואַנען גייט די „פּאַננאַ״ ?

— פון זייער וויט — האָט וואַנדאַ געענטפערט.

— פון זייער וויט ? פון וואַנען ?

— פון קאַטאָוויץ.

— אָ, יעזוס מאַריאַ ! צופוס ? און וואָס, איז אין קאַטאָוויץ אַזוי שלעכט ?

— איך בין געפאָרן מיטן באַן. עס האָט זיך מיר אויסגעלאָזט דאָס געלט, האָט מיר אַ גוטער מענטש אַרויפגענומען אויף זיין פור. איך האָב נישט געוווּסט וווּהין איך פאָר און עס האָט מיך נישט אינטערעסירט, אַבי זיין צווישן אייגענע און נאָך בעסער אין אַ דאָרף, ווו פּראָדוקטן זענען אַ סך ביליקער, מיין טייערע. וואָס עס טוט זיך אָפּ אין דעם קאַטאָוויץ ! די דייטשן אַרעסטירן אונדזערע. מיין פאָטער איז אַרעסטירט. מיין ברודער אַרעסטירט. אונדזער פּראַלאַט, טאַדעוש כזשאַנאָווסקי איז אַרעסטירט !

— אָי, הער, יעזושיע ! ווער טוט דאָס, די דייטשן ? וואָס ווילן זיי פון אונדזערע ? !

וואַנדאַ האָט זיך אַריבערגעבויגן און איר געזאָגט ווי אַ סוד. די דייטשן האָבן זיך פאַרלייגט אויף די פּאָליאַקן זיי צו פאַרניכטן.

— דיין פאָטער מוז זיין אַ וויכטיקער מענטש, און זי האָט איר שאַרף אַריינ־געקוקט אין פּנים.

— מיין פאָטער איז דער אַדוואָקאַט וולאַדיסלאַוו אַמבראַזשעוויטש. מיין נאָמען איז וואַנדאַ...

— מיין נאָמען איז יאַדוויגאַ דלוגאָלענצקאַ, — און זי האָט זיס געשמייכלט יאַדוויגאַ.

— דו זעסט אינגאַנצן אויס ווי אַ ייִדישקע...

— איך בין אַ האַלבע פּראַנצויזין; מיין מאַמע איז אַ פראַנצויזין.

—אָי, העי. קום מיט מיר, וואַנדאַ. איך וועל דיך פאָרשטעלן פאַר מיין מאַמען. מיין טאַטע איז אין שטאָט. ער דאַרף באַלד אָנקומען. איך בין שוין אַ גרויסשטאָטישע. געלעבט אין וואַרשע. געלערנט אין אוניווערזיטעט. איך האָב אַ ברודער אין וואַרשע. איצט, זינט די מלחמה איז אויסגעבראָכן, בין איך אין דאָרף. עס איז דאָ זייער אומעטיק. אין וואַרשע איז אָבער אַ גיהנום.

— גוט מאָרגן, גוט מאָרגן. יעזוס פאָכוואַלאָני!

— מאַמאַ — האָט יאַדוויגאַ אַ פלאַטערנדיקע דערציילט איר מוטער — מעגסט הערן, וואָס די פאַננאַ וואַנדאַ דערציילט פון קאַטאָוויץ, וואָס די שוואַבעס טוען אַלץ צו אונדזערע פּאָליאַקן. מען אַרעסטירט דאָך פּאָליאַקן.

— זיי האָבן שוין אויך דערשאָסן פּאָליאַקן, שילער פון גימנאַזיע, קינדער נאָך.

יאַדוויגאַס מאַמע האָט זיך איבערגעצלמט.

— מאַמע —האָט יאַדוויגאַ געפרעגט דער מאַמען— דו וואָלסט נישט אָנגענומען וואַנדאַן פאַר אַ ייִדישע? זי איז דאָך אַ האַלב־פראַנצויזישע. איר מוטער איז אַ פראַנצויזישע.

— אָי, הע! דו וועסט שוין האָבן אַ חברטע.

די מוטער איז איצט צוגעגאַנגען נענטער צו וואַנדאַן:

— איך וואָלט געשווירן אַז דו ביסט אַ ייִדישע! טו אויס דעם מאַנטל, מאַך דיך היימיש ווי צווישן דאָרפס־פאָלק. יאַדוויגאַ, גרייט צום טיש וועלן מיר עסן. שוין צייט!

ביים טיש האָט יאַדוויגאַס מאַמע דערציילט וואַנדאַן, ווי גוט זי האָט דאָ אַריינגעטראָפן. יעדן זונטיק קומט דאָ דער גלח צו מיטאָג. — די באַבעס אין דאָרף קענען עס אונדז נישט פאַרגינען; זיי זאָגן, אַז דער גלח קומט דאָ, ווייל מיר זענען רייך. אָ העי, וואָס זיי רעדן אַלץ. — ער איז זייער אַן אינטערע־סאַנטער מענטשן קשאָנדז זיגמונט כאַבראָווסקי.

יאַדוויגאַס צניעותדיק פּנים האָט זיך געדרייטלט.

פאַרן פענצטער איז צוגעפאָרן אַ פור.

—דער טאַטע איז געקומען.

יאַדוויגאַס טאַטע, אַ הויכער, מיט אויגן ווי פון גלאָז איז אַריינגעקומען און האָט אַ שאַרפן קוק געטון צו וואַנדאַן:

— וואַנדאַ אַמבראַוויזשעטשובנאַ.

יאַדוויגאַס פאָטער האָט זיך געדרייט אין אַ קרייז, דערציילט, וואָס עס טוט זיך אין קאָמאַראָווע. אַלע יידן שטייען אין מאַרק. דער מאַרק איז אַרומגערינגלט פון דייטשן. מען גייט די יידן באַלד אַרויספירן קיין טרעבלינקע.

— ווו איז טרעבלינקע? — האָט די אַלטע געפרעגט.

— אַ נפקא־מינה ווו עס איז! — איז ער געווען אין כעס — עס איז אַן אָרט ווו זיי דערהרגענען יידן.

עס איז געוואָרן טויט שטיל.

— מערדער —האָט וואַנדאַ געזאָגט—. זיי טוען ביי אונדז דאָס זעלבע מיט פּאָליאַקן.

— אַ מערדער איז פאַר אַלעמען אַ מערדער — האָט דער אַלטער געזאָגט.

— וואַנדאַ, לייג זיך צו אַ ביסל שלאָפן —האָט יאַדוויגאַ געזאָגט— דו זעסט אויס מיד. ביסט זייער בלייך. פילסט זיך נישט גוט?

— מאָרגן שבת, וואַנדאַ —האָט יאַדוויגאַ איר געמונטערט— וועסטו מיט מיר גיין אין קאָשציאָל, וועסטו הערן קשאָנדז זיגמונט כאַבראָווסקי. ער רעדט זייער שיין. איך וועל דיר פאַר אים פאָרשטעלן.

— איך דאַנק.

*****

דאָס גאַנצע דאָרף האָט געשמעקט מיט רויקייט, די פעלדער אַזוי ווי די מענטשן, די זון האָט געברענט, ווי אין אויגוסט. אַלט און יונג, די מאַנסלייט אין מאַרינאַרקעס און פרויען און מיידלעך מיט ווייסע טיכלעך אויפן קאָפּ, זענען רויק און שטיל געגאַנגען צום קאָשציאָל. אַ דין גלעקל־געקלאַנג האָט זיך געהערט פון קאָשציאָל. יאַדוויגאַ האָט געפירט וואַנדאַן אונטערן אָרעם. דער המון האָט זיי נאָכגעקוקט. די ווייבער און די מיידלעך האָבן צווישן זיך געשושקעט, אַז דאָס מיידל, יאַדוויגאַס חברטע, מוז זיין אַ „זשידוווקע״: — זיי זענען אַזוי, —די דלוגאָלענצקעס, — נאָר מיט יידן! — זי איז אָבער זייער שיין, — האָבן די מיידלעך געזאָגט, ווי עס וואָלט זיי געאַרט, וואָס זי איז אַזאַ שיינע.

אין קאָשציאָל האָט דער המון געררוישט: — זי איז כיבאַ נישט קיין זשי־דוווקע. אַלעמענס אויגן זענען געלעגן אויף וואַנדאַס טונקל־שיין פּנים און אירע לעבעדיקע שוואַרצע אויגן. די מיידלעך האָבן מיט קנאה געקוקט ווי דער קשיאָנדז האָט זיך היימיש באַגריסט מיט יאַדוויגאַס חברטע.

דעם קשיאָנדזס שטימע האָט געקלונגען ריין און זילבערדיק. זיין העל, שמאָל ביינערדיק פּנים האָט זיך געררויטלט: — די מענטשנס זינד זענען זייער גרויס. דערפאַר איז נישטאָ קיין שלום אויף דער וועלט, עס איז דער ווילן פון „פּאַנאַ באָגאַ“ און פון גאָטס זון, יעזוס כריסטוס, עס זאָל זיין שלום אויף דער וועלט. דער פּויער זאָל רויִק אַרבעטן אויפן פעלד און דער אַרבעטער אין וואַרשטאַט. נאָר די זינד פון די מענטשן דערלאָזן נישט. פאַראייניק זיך, מענטש, מיט יעזוסן. אַמען!

— אַמען: — האָט דער עולם געברומט.

דער עולם האָט געזונגען אַ געבעט. זילבערנע גלעקלעך האָבן געקלונגען. דער אָרגאַן האָט געשפּילט. דער עולם האָט זיך געצויגן צום אַרויסגאַנג. אָבער ביי דער שוועל פון קאָשציאָל האָט זיך געטומלט. טייל האָבן זיך צוריקגעצויגן מיט צעשראָקענע אויגן. אַ פּרוי האָט געספּאַזמירט, קינדער האָבן געוויינט, דער „וואָיט“ האָט זיך געשטויסן צוצוקומען צום גלח. ער האָט אים עפּעס געזאָגט. דער גלח האָט געמאַכט מיט דער האַנט צום עולם: — „אָביוואַטעלע (בירגער), פאַרהאַלט זיך רויִק. גייט אַרויס רויִק. האַלט גרייט איןביידע הענט, ווי איך ווייז אייך, אייערע דאָקומענטן און די קינדערס דאָקומענטן, עס איז מלחמה. איר וועט פאַרבייגיין רויִק פאַרן דייטשן מיליטערמאַן און איר וועט דערנאָך רויִק אַריינגיין אין אייערע הייזער. דער עולם האָט אין שטילקייט זיך געצויגן אַרויס פון קאָש־ציאָל, דאָס דאָרף־פאָלק האָט שטיל און טרויעריק געמאַכט גרייט זייערע דאָקו־מענטן, וואָס זיי האַלטן ביי זיך זינט עס איז געקומען די מלחמה. עס האָט שטיל זיך גערוקט אַ לאַנגע שורה פון דאָרפס־פאָלק מיט אויפגעהויבענע דלאָניעס מיט די דאָקומענטן, שטיל זיך גערוקט פאַרן דייטש מיטן שטאָלענעם העלם אויפן קאָפּ ביז די אויגן. דעם דייטשס אויגן האָבן געפינקלט איבער די מענטשן מיט אַ גזלנישן גלאַנץ. וואַנדאַ איז געווען באַלד נאָך יאַדוויגאַן, זי האָט זיך געמאַכט דרייסט, וואַנדאַ, נאָר איר האַרץ האָט זיך געוויגט. עס האָט געציטערט, אַלע אירע נערוון זענען געווען געשפּאַנט. אירע הענט־דלאָניעס זענען געווען אויפגעהויבן ווי ביי אַלע, נאָר ליידיקע — אָן דאָקומענטן. אירע אויגן האָבן געפלאַקערט אויפן דייטש. צוויי סעקונדן... זי איז געשוווּמען אין הוילקייט. וואַנדאַס האַרץ האָט זיך געוויגט, שווער געקלאַפּט. יאַדוויגאַ האָט איר געהאַלטן אונטערן האַנט און זי האָט גערעדט

מיט כעס אויף די שוואַבעס. וואַנדאַ האָט זיך געפֿילט טויט־מיד. אַזוי ווי זי איז אַרײַנגעקומען אין שטוב, האָט זי זיך אויסגעצויגן אויף דער קאַנאַפּע. זי איז באַלד מיטאַמאָל אײַנגעשלאָפֿן.

אין שלאָף איז זי געשטאַנען פֿאַר איר טאַטן, אים דערציילט, וואָס עס איז איצט מיט איר געווען. דעם טאַטנס פּנים איז געווען געל ווי וואַקס. ער האָט צו איר געשמייכלט ווי אַ קראַנקער. די מאַמע און דינהלע זענען געשטאַנען אונטערן טאַטן, אָנגעטאָן אין ווײַסע קליידער און האָבן צו איר געקוקט שטאַרק דער־שראָקענע.

# לאהלע

ווען נישט די מלחמה, וואָלטן זיי חתונה געהאַט דעם זעלבן יאָר. און ווען נישט די געטאָ מיט די אַלע צרות וואָלטן זיי פונדעסטוועגן חתונה געהאַט, כאָטש אַ מלחמה.

זיי האָבן זיך געליבט שיינע עטלעכע יאָר. בנימטשע איז ביי אַלע באַדינגונ־גען אַראָפּגעקומען צו לאהלען. ער איז שוין געווען פאַרוואָרפן אין אַנדערן עק פון געטאָ און אין די גאַסן איז אָנגעגאַנגען דאָס געיעג אויף ייִדן. ער איז פריִער געקומען צוויי מאָל אין דער וואָך. ער האָט איינגעשטעלט, זיך דורכגעריסן און צו איר געקומען. ער האָט יעדעס מאָל מיטגעבערענגט אַ ביסל פּראָדוקטן, אָבער דער עיקר, האָט ער אונטערגעהאַלטן איר מוט, זי זאָל נישט פאַלן. מען ווערט איבערלעבן. שפּעטער, אַז עס איז געוואָרן ערגער, עס איז שוין געווען אוממעגלעך צוצוקומען, האָט ער דאָס נאָך באַוויזן איין מאָל אין וואָך, איין מאָל אין צוויי וואָכן. ער האָט איר אַרויסגענומען אויף די „אָוונטן" אין דער קיך, ווו דער עולם האָט געקראָגן אַביסל עסן אומזיסט.

אַז מען האָט נאָר געקענט גיין אין גאַס, האָט לאהלע זיך צוגעפּוצט. מען גייט דאָך עפּעס צו אַן „אָוונט". דער עולם איז געזעסן ביי די טישן און געגעסן אַביסעלע זופּ און ביי דעם איז עס פאָרגעקומען אַ קאָנצערט. שומרים האָבן גע־וואַכט אין דרויסן אויב עס גייען נישט די דייטשן, אָדער די ייִדישע פּאָליציי און דאָ האָט דער פאָרזיצער געהאַלטן אַ שטיקל רעדע, געזוכט פּאַסיקע ווערטער, וואָס זאָלן אָנדייטן, געבן האָפענונג. עס האָט עמעצער שטיל געזונגען אַ ייִדיש ליד. אַ צווייטער האָט דעקלאַמירט. די זון איז פאַרגאַנגען אויף די שויבן. און בנימטשע האָט געקוקט אויף זיין לאהלען. ער האָט ערשט איצט באַמערקט ווי שיין זי איז, — אַ צאַרטע שיינקייט, ווי אַ בלום. לאהלעס אויגן האָבן זיך אויפגעריסן צו בנימ־טשען. זייערע אויגן האָבן זיך אָנגעקוקט און זי פלעגט דערביי טון אַ זיפץ.

בנימטשע האָט איר איינמאָל אַרויסגענומען צו זיין מאַמען. עס איז געווען זונטיק, ווען מען איז פריי געווען פון דער שקלאַפעריי. עס איז געווען אַ קלער ביי זיין מאַמען, אַז מען זאָל אַלץ טון אויסצופועלן, אַז לאהלע זאָל מיט זיי ווינען און אפשר וועט מען דאָך שטעלן אַ חופה. זינט איר מאַמע איז געשטאָרבן, איז שוין לאהלע אין דער צענטער דירה. מען וואַרפט זיך מיט איר. ווי דאָס מיידל זעט עס אויס, גאָט זיסער! בנימטשעס מאַמע האָט ספּעציעל לכבוד לאהלען געמאַכט אַ מאכל, וואָס האָט געהאָט אַ מראה פון עפּעס רעכטס. די אַלטע האָט געהאַלטן אין איין רעדן, מען זאָל אויספועלן, אַז לאהלע זאָל דאָ ווינען און „מ׳וועט באַלד שטעלן אַ חופה, מ׳וועט עס גאָרנישט אָפּלייגן". לאהלעס שיינע בלויע אויגן זענען געווען אָנגעגאָסן מיט טרערן און בנימטשע האָט מיט דער האַנט געשויבערט זיינע הויכע האָר.

זיי האָבן נאָכדעם זיך זעלטן געזען. ער האָט נישט געקאָנט, סיידן צו באַ־צאָלן מיטן לעבן. און דאָס האָט אויך אויפגעהערט. ער איז נישט געקומען. זי האָט נישט אויפגעהערט טראַכטן וועגן אים. אין איר דמיון האָט זי אים געזען ביי העסלעכע אַרבעטן. ווי בלאָטיקער שווייס רינט איבער זיין פּנים. און נאָך אַביסל טעג איז ער איר אַרויס פון דמיון.

וואָס איר קאָפּ האָט אַלץ געטראַכט! אין איר צימערל זענען געווען נאָך עטלעכע ווייבער, אויסגעלאָשענע סקעלעטן און פּלוצים האָט איינע זיך אויפגע־ריסן מיט אַ געשריי: „ווו איז די ציבעלע?!".

**
*

אַ הייסער טאָג. צו אַלע צרות האָט די זון געברענט. דער הויף איז געווען פול מיט יידישע פּאָליציי. מען האָט געריסן קינדער פון די שטובן. געשרייען פון מאַמעס, געוויינען פון קינדער. עס האָט אויסגעזען ווי די הייזער האָבן זיך אויס־געבויגן, זיך איינגעבראָכן און עס וועט באַלד זיין פון זיי אַ באַרג.

און אָט איז שטיל געוואָרן. דער הויף איז ווייטער הויף. לאהלע האָט געהערט עמעצן אין דרויסן וואָס רירט די טיר. בנימטשעס מאַמע איז אַריינגעקומען. — אַן איינגעבויגענע יידענע.

— וואָס טוט איר דאָ? ווי האָט איר געטראָפן?

— איך האָב דיך געזוכט, טייער קינד. איך בין געווען אין דיינע אַלע דירות. איך בין געוווּיר געוואָרן. מען וויסט שוין. וואָס איז ביי דיר?

— זעצט זיך צו. זעצט זיך דאָ. ווי זענט איר עס איצט געגאַנגען אין גאַס?

— עס איז גאַנץ שטיל. איך האָב גאָרנישט געזען. דאָס איז פאַר דיר...

לאהלע האָט איר ווילד אָנגעקוקט. זי האָט אָפּגעוויקלט דאָס פּאַפּיר. בנימ־טשעס פאָטאָגראַפיע. אַזוי ווי פריִער, פאַר דער בראָך. אַ הויכע טשופּרינע. די לענגלעכע נאָז און זיינע אויגן, יינגעטשקע אויגן...

— וואָס ?...

— היינט אַכט טאָג ווי מיין קינד איז אויסגעגאַנגען. ער זאָל זיין אַ מליץ־יושר פאַר כל ישראל. ער האָט עס מיר געזאָגט : מאַמע, דאָס וועסטו געבן לאהלען.

— איך וועל גיין. אַז עס וועט זיך דיר טרעפן אַ שידוך זאָלסטו טון. ביסט אַ יונג קינד, לאהלע. אַ גוטן טאָג, אַ גוטן תמיד.

די ווייבער פון צימערל האָבן געקוקט צו לאהלען, ווי זי האַלט די פאָטאָ־גראַפיע אויף אירע ליפּן, ווי זי דרייט די פאָטאָגראַפיע אַלץ שנעלער און שנעלער ווי אַ מילכל, ווי אַ שפּינדל, ווי אַ פּעדעמל אין דער מאַשין. איינע האָט געטון אַ געבראָכענעם זיפץ. די אַנדערע : ש־ש־ש...

# ליסטע און כאַראַקטעריסטיק פון ביז־איצט דערשינענע ביכער אין פאַרלאַג „יידבוך״

## בוך נומער 1) י. ל. פרץ: דריי חסידישע דערציילונגען

**דערשינען אין יאָר 1949. 32 זייטן. אַלבום־פאָרמאַט**

דאָס דאָזיקע בוך איז אין דער פאָרם אַ נייעס אין דער יידישער ליטעראַטור; דאָס בוך איז אַרויסגעגעבן מיט קינסטלעריש געכתיבהטן שריפט, אויסגעפירט דורך דעם באַקאַנטן קינסטלער משה פייגענבלום און אַנטהאַלט פּרצעס 3 דערציילונגען: „אויב נישט נאָך העכער״, „דער כעלעמער מלמד״ און „מקובלים״. אויסער די קינסטלערישע שריפט, איז דאָס בוך אויך פאַרזען מיט אינטערעסאַנטע קינסט־לערישע צייכענונגען. דאָס בוך האָט געהאַט אַ געוואַלדיק גינסטיקן אָפּרוף פון דער יידישער ליטעראַטור־קריטיק.

## בוך נומער 2) ח. ש. קאַזדאַן: מעטאָדיק פון יידישער שפּראַך און ליטעראַטור

**דערשינען אין יאָר 1950. 356 זייטן**

האַנט־בוך פאַר יידישע לערער, ווי אַזוי צו לערנען יידיש און יידישע ליטע־ראַטור אין די העכערע גראַדן פון דער יידישער שול. עס איז אויך אַ בוך וואָס קאָן געניצט ווערן פון שילער פאַר ווייטערדיקע זעלבסט־בילדונג. די ערשטע „אויפלאַגע״ פון דאָזיקן בוך, איז דערשינען אין פוילן אין יאָר 1939, האָרט פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה און בלויז געציילטע עקזעמפּלאַרן פון דאָזיקן בוך האָבן זיך געראַטעוועט און פאַנאַנדערגעשיקט געוואָרן.

## בוך נומער 3) י. י. טרונק: כעלעמער חכמים

**דערשינען אין יאָר 1950. 342 זייטן**

דאָס זענען „מעשיות פון דעם כעלעמער פּנקס, וואָס מען האָט נישט לאַנג צוריק געפונען אויף אַ בוידעם פון אַ מקוה״, לויט דער אָנגאַבע פון מחבר. דאָ ווערט אויף דער קאַנווע פון דער צוגעטראַכטער שטאָט כעלם, ווי „די קליגסטע שטאָט אין דער וועלט״, אַריינגעוועבט און אַריינגעפלאָכטן אַ גאַנצע ריי פאָלקס־מעשהלעך און פאָלקלאָר, וואָס ווערט צוגעשריבן, סיי דער „קלוגער״ שטאָט כעלם און דעם נאָך „קליגערן״ רב זייערן — ר׳ יוסף לאָקש.

## בוך נומער 4) שלמה סיימאַן: אַמאַליקע יידן

דערשינען אין יאָר 1952. 192 זייטן

דאָס איז אַ זאַמלונג פון 26 פאָלקס־מעשהלעך, וועגן איבערגעגעבנקייט, האַר־ציקייט און אמתן אידעאַליזם פון „אַמאַליקע יידן". די דאָזיקע מעשיות זענען מער ווי געוויינלעכע פאַבולעס, דאָס זענען פונקען פון אהבת־ישראל און קידוש־השם, פון פשוטע און האַרציקע יידישע פאָלקס־מענטשן, געשריבן אין אַן איינפאַכער און גלייכצייטיק קינסטלערישע שפּראַך.

## בוך נומער 5) ליבמאַן הערש: אויף דער גרענעץ פון צייטן

דערשינען אין יאָר 1952. 302 זייטן

אין דאָזיקן בוך, וואָס איז אַ זאַמלונג פון פאַרשידענע אַרטיקלען אויף יידישע טעמעס. דערשינענע צווישןביידע וועלט־מלחמות, ווערן באַהאַנדלט אויף אַ גרינטלעכן אופן, אַ גאַנצע ריי פּראָבלעמען פון יידישן לעבן אין גאַר דער וועלט; פראַגן וועגן יידישן קיום, וועגן אַנטיסעמיטיזם, וועגן דער מדינת־ישראל, וועגן גלות־ייד פאַרן געריכט פון דער געשיכטע א. אַ.

פאַראַן אויך אַ ריי דעמאָגראַפישע ציפערן, סטאַטיסטיקעס וועגן באַפעלקע־רונגס־פּראָבלעם ביי יידן נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה און וועגן יידישע און נישט־יידישע פּרברעכערישקייט אין פוילן.

## בוך נומער 6) יצחק פערלאָוו: אין אייגענעם לאַנד

דערשינען אין יאָר 1952. 350 זייטן

20 דערציילונגען, איינגעטיילט אין צוויי טיילן: 1) „אין אייגענעם לאַנד", ווו עס ווערט אויף אַן אייגנאַרטיקן אופן דערציילט וועגן דעם לעבן פון די נייע עולים אין מדינת־ישראל און די צווייטע טייל פון 5 דערציילונגען „נאָכן שטורעם", באַהאַנדלט די מלחמה און נאָך־מלחמה־צייט.

## בוך נומער 7) י. י. טרונק: דער פריילעכסטער ייד אין דער וועלט

דערשינען אין יאָר 1953. 390 זייטן

דאָס דאָזיקע בוך וואָס האָט אַן אונטער־טיטל „פאָלקסטימלעכער ראָמאַן פון הערשעלע אָסטראָפּאָליער" איז אַ ווייטערדיקע פאָרזעצונג פון י. י. טרונקס דער־ציילן פאָלקס־מעשיות און פאָלקלאָריסטיק, אַרומגעוועבט אַרום לעגענדאַרן יידישן פאָלקס־וויצלער הערשעלע אָסטראָפּאָליער. אין דאָזיקן בוך וואָס נעמט אַרום הער־שעלעס לערן־יאָרן, ווערט דערציילט ווי אַזוי הערשעלע איז אַראָפּגעקומען אויפן עולם־התחתון, ווי אַזוי ער דרייט זיך אויפן וועלט־יאריד, ווי אַזוי ער ראַנגלט זיך מיטן יצר־הרע און ווערט נישט געשטרויכלט... אָבער מיט דעם אַלעמען דער־גייט ער נישט צום רבין קיין מעזשיבעזש...

## בוך נומער 8) שלמה סיימאָן: תוך יידישקייט

### דערשינען אין יאָר 1954. 340 זייטן

אַ טיף און ערנסט ווערק, ווו דער מחבר, וואָס איז באַקאַנט ווי אַן אינטע־רעסאַנטער דערציילער, ווייזט זיך אַרויס ווי אַ טיפער און ערנסטער דענקער, מיט אייגנאַרטיקע מיינונגען וועגן פּראָבלעמען וואָס האָבן אַ שייכות צו תוכיקע פראַגן פון יידן און יידישקייט־פּראָבלעמס. דאָ זענען פאַראַן 18 גרינטלעכע אָפּ־האַנדלונגען, וועגן גאָר וויכטיקע יידישע ענינים, צו וועלכע דער מחבר האָט אָפט־מאָל אַן אַנדערע, גאָר אינטערעסאַנטע מיינונג. אין די מיינונגען פאַררופט ער זיך סיי אויף אַמאָליקע קוועלן, ווי תלמוד, תנ״ך, פּרק א. אַ. און אויך אויף אַ ריי מאָדערנע קוועלן.

## בוך נומער 9) נ. ב. מינקאָוו: זעקס יידישע קריטיקער

### דערשינען אין יאָר 1954. 350 זייטן

אַ וויכטיק און וואָגיק בוך וועגן זעקס יידישע קריטיקער, וואָס האָבן גע־לעבט אין פאַרשידענע צייטן און געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל אין דער יידישער ליטעראַטור און ליטעראַטור־קריטיק. צווישן אַזעלכע עקסטרעמען ווי דער פרי־מיטיווער קריטיקער אַלעקסאַנדער צעדערבוים און גייסטרייכן קריטיקער ש. ניגער איז פאַראַן אַ היפּשער מהלך — דאָס איז דער וועג פון דער יידישער ליטעראַטור אין וועגן טיילן פון דאָזיקן וועג ווערט דערציילט אויף אַ גרינטלעכן אופן אין דעם בוך פון נ. ב. מינקאָוו.

די 6 קריטיקער זענען: אַלעקסאַנדער צעדערבוים, י. י. לערנער, י. ח. ראַוור־ניצקי, יואל ענטין, בעל־מחשבות און ש. ניגער. יעדער איינער האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַן אַנדער עפּאָכע און אַן אַנדער שיטה אין דער ליטעראַטור־קריטיק און אַן אויספירלעך בילד פון זיי ווערט געשאַפן אין דאָזיקן בוך. דאָס בוך האָט באַקומען די ל. בימקאָ־פּרעמיע ביים אַלוו׳ יידישן קולטור־קאָנגרעס.

## בוך נומער 10) אברהם זאַק: אין אומרו פון יאָרן

### דערשינען אין יאָר 1954. 390 זייטן

דאָס בוך איז איינגעטיילט אין 3 טיילן: 1) אַ גרעסערע כראָניק א. נ. „וואַרשע 1939“, 2) אַן אָפּטיילונג „צווישן חורבן און אויפקום“ וואָס נעמט אַרום 6 כראָניקעס פון דער נאָך־מלחמה־צייט און די 3טע אָפּטיילונג „פרילינג און טויט“ האָט 5 דערציילונגען פון פאַרשידנאַרטיקן זשאַנר. דאָס דאָזיקע בוך האָט באַקו־מען די מאָטיע סטאָליאַר־פּרעמיע אין בוענאָס־איירעס.

## בוך נומער 11) יוסף רייך: וואַלד אין פלאַמען

### דערשינען אין יאָר 1954. 302 זייטן

דער שרייבער פון דעם בוך, אַ געוועזענער פּאַרטיזאַן אין די וועלדער און „פּושטשעס“ פון ווייס־רוסלאַנד, דערציילט וועגן זיינע איבערלעבונגען אין דער

פּאַרטיזאַנקע. דערציילט וועגן די העלדישקייטן און וועגן די צרות פון די יידישע פּאַרטיזאַנער. דאָס בוך געשריבן אין אַ איינפאַכער, נישט געשליפענער שפּראַך האָט אַ גרויסן ווערט, מער ווי אַ ליטעראַרישע ווערק ווי אַ מענטשלעכער דאָקומענט.

## בוך נומער 12) מרדכי וו. בערנשטיין: אין לאַבירינטן פון תקופות

**דערשינען אין יאָר 1955. 400 זייטן**

דאָס ערשטע בוך פון אַ סעריע (וואַרשיינלעך דריי) ווו דער מחבר מאַכט אַ שפּאַציר איבער די לאַבירינטן פון אַמאָליקן דייטשלאַנד, לויט די געפונענע אַרכיוון, וואָס זענען פון מחבר געפאַרשט און פאַרצייכנט געוואָרן אין דעם נאָך־מלחמהדיקן דייטשלאַנד. דאָס בוך איז איינגעטיילט אין 3 טיילן: 1) צ שטיינער דערציילן; 2) געשעענדעטע הייליקייטן; 3) פאַרשווונדענע לאַנדשאַפט. אין די אַלע דריי טיילן, ווערט איבערגעגעבן אַ שלל מיט מאַטעריאַלן פון דעם יידישן לעבן און שאַפן אין פאַרלויף פון דער טויזנט־יעריקער תקופה פון אַמאָליקן לעבן אין דייטשלאַנד — אין דער א. ג. עפּאָכע פון נוסח אשכנז.

## בוך נומער 13) לעאָן קאָברין: מיינע פופציק יאָר אין אַמעריקע

**דערשינען אין יאָר 1955. 414 זייטן**

אַ בוך פון דעם בראשית פון דער גרויסער יידישער איינוואַנדערונג אין די פאַראייניקטע שטאַטן. הייבט זיך אָן אין די יאָרן 1892, ווען אַ „שיף מיט מרה־שחורה" ברענגט צו די ברעגן פון פילאַדעלפיאַ אַ גרופּע יידן, צווישן וועלכע עס געפינט זיך אויך דער שפּעטער באַקאַנטער שרייבער לעאָן קאָברין. אין בוך ווערט איבערגעגעבן אויף אַן איינפאַכן און קינסטלערישן אופן, ווי אַזוי די אימיגראַנטן פּאַסן זיך צו צו דעם נייעם לעבן, ווי אַזוי זיי זען אַ סך אַנדערע זאַכן ווי אין זייערע שטעטלעך, ווי אַזוי עס אַנטשטייען צווישן זיי פאַרשידענע פּאַרטייען, ווי אַזוי זיי קעמפן צווישן זיך און הונגערן צוזאַמען.

עס איז אַ בוך פון קינסטלערישן און מעמואַריסטישן שטאַנדפּונקט פון גרויסן ווערט.

## בוך נומער 14) יצחק פערלאָוו: דזשעבעליאַ

**דערשינען אין יאָר 1955. 382 זייטן**

„דזשעבעליאַ" איז דער נאָמען פון אַ פאַרוואָרלאָזטער געגנט, וואָס איז פאַר דער באַפרייאונגס־מלחמה און פאַר דער אַנטשטייאונג פון מדינת־ישראל, געווען באַזעצט מיט אַראַבער און וואָס איז שפּעטער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ בליענדיקער יידישער שטאָט, צווישן יפו און בית־ים.

וועגן אָט דער פאַרוואַנדלונג, גיט איבער אויף אַן אינטערעסאַנטן אופן דער שרייבער יצחק פערלאָוו, וואָס איז אַליין אויך אַ מיטמאַכער פון דער דאָזיקער איבערוואַנדלונג.

אין דעם בוך גייען דורך די נייע עולים, מיט זייער גוטע און שלעכטע זייטן, מיט זייערע מעלות און חסרונות. איר זעט דאָרטן די צעבראָכענע און אויסגע־וואָרצלטע, ווי אַזוי זיי פּאַסן זיך אַריין און העלפן מיט צו שאַפן די נייע ווירק־לעכקייט.

## בוך נומער 15) ברוך ריווקין: ה. לייוויק — זיינע לידער און דראַמאַטישע ווערק

**דערשינען אין יאָר 1955. 250 זייטן**

דאָס בוך איז אַ זאַמלונג פון 15 גרעסערע אַרטיקלען, וועגן דאָס שאַפן פון גרויסן יידישן שרייבער ה. לייוויק. דאָס בוך איז איינגעטיילט אין 2 טיילן: דער ערשטער טייל וועגן ה. לייוויקס לידער און דער צווייטער טייל וועגן לייוויקס דראַמאַטישע ווערק. אין אַלע זיינע אַרטיקלען גייט דורך דאָס זוכן די אויסלייזונגס־אידייע אין לייוויקס שאַפן — דעם א. ג. „משיחיזם״, אַן אידייע וואָס קומט שטאַרק צום אויסדרוק אין אַלע שאַפונגען פון ה. לייוויק און נאָכמער אין קריטישע אַרבעטן פון ב. ריווקין.

## בוך נומער 16) מלכי לי: דורך קינדערשע אויגן

**דערשינען אין יאָר 1955. 180 זייטן**

דאָס בוך איז געשריבן אין אַ לייכטן, צאַרטן און גראַציעזן טאָן, דערמאָנט אָפטמאָל אין אַ קינדערשער קלאַסן־קאָמפּאָזיציע. גיט איבער דאָס לעבן פון אַ קינד און שפּעטער שוין אַ דערוואַקסענע אין אַ יידיש שטעטל פון אַמאָליקן גאַליציע — פון מאָנאַסטערישטש, בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה און די שפּעטערדיקע נאָך־מלחמה צייט.

אין דער איצטיקער צייט ווען יידישע שטעט זענען חרוב געוואָרן און ווען פאַרשידענע עדות באַמיען זיך צו רעסטאַווירן זייערע היים־שטעט און גיבן אַרויס ספּעציעלע פּנקסים און יזכור־ביכער איז דאָס דאָזיקע בוך אַ וויכטיקער צושטייער.

## בוך נומער 17) יעקב פּאַט: די לערערין אסתר

**דערשינען אין יאָר 1956. 473 זייטן**

דאָס בוך „די לערערין אסתר״ ווי עס שרייבט דער מחבר אין זיין פאָרוואָרט „איז נישט קיין דמיון, די מענטשן, די געשטאַלטן, די סילועטן, וואָס קומען אַריין אין דעם סיפּור־המעשה, זענען אמתדיקע, זיי זענען שוין אָבער מער נישטאָ צווישן די לעבעדיקע — זכרונם לברכה״.

אין דאָזיקן בוך ווערט איבערגעגעבן אויף אַ סענטימענטאַל־קינסטלערישן אופן, די געשיכטע פון דער יידיש־וועלטלעכער שול־באַוועגונג אין געוועזענעם פּוילן. איר זעט דאָרטן די לערער, די שילער, די שול־טוער און אַלצדינג איז אַרומגעוועבט מיט אַזוי פיל אידעאַליזם און מסירת־נפשדיקייט — פּונקט ווי עס איז געווען אין דער ווירקלעכקייט.

## בוך נומער 18) שלמה סיימאָן: וואָרצלען

**דערשינען אין יאָר 1956. 316 זייטן**

אַן אויטאָביאָגראַפיש בוך, ווו דער מחבר דערציילט וועגן זיין אַמאָליקן שטעטעלע אין די פּאָליעסער בלאָטעס, דאָס שטעטעלע קאַלינקאָוויטש, דער הויפּט־

„העלד" פון בוך, דער קלייגער שמעון גייט דורך און מאַכט דורך דאָס לעבן פון אַלע יידישע קינדער פון יענער צייט. אין דעם קליינעם שמעון לעבט אָבער אַ ספעציעלער חוש, וואָס הערט און נעמט אויף אַלע אַרומיקע דערשיינונגען אַנ־דערש און טיפער ווי די איבעריקע און אויך ווי עס מיינט דער מחבר — דעם אָפּקלאַנג פון דורות.

געשריבן איז דאָס בוך אין אַ טיף אידילישן טאָן און עס גייען דורך זיינע עלטערן, זיינע מלמדים און סתם יידן פון יענער צייט, וועלכע דער מחבר זעט מיט אַ סך ליבע און בכלל מיט אַ סך אהבת ישראל. דאָס בוך האָט באַקומען די מאָטיע סטאָליאַר־פּרעמיע אין ב. איירעס.

## בוך נומער 19) משה דלוזשנאָווסקי: האַרבסט אין ווייגגאַרטן

### דערשינען אין יאָר 1956. 321 זייטן

דאָס בוך פאַרמאָגט 9 דערציילונגען און 2 גרעסערע דראַמעס. די טעמאַטיק פון די דערציילונגען איז אַ פאַרשידנאַרטיקע; פאַראַן אַ דערציילונג „דער צינז־איינמאָנער פון אווינאָן", וואָס טראָגט זיך אַריבער אין אַמאָליקן פראַנקרייך פון עטלעכע הונדערט יאָר צוריק. פאַראַן דערציילונגען פון געוועזענעם יידישן לעבן אין פוילן, פון יידישן ניו־יאָרק און אויך פון יידישן לעבן אין אַפריקע. די סאַמע גרעסטע דערציילונג פון בוך „האַרבסט אין ווייגגאַרטן" איז פון דער אָקופּאַציע־צייט אין פראַנקרייך. אויך די האַנדלונג פון די 2 דראַמעס קומט פאָר איינע אויפן ים, וווּ אַ שיף מיט יידישע פליטים ווערט פאַרפאָלגט פון אַ דייטשע אונ־טער־וואַסערשיף און די צווייטע דראַמע קומט פאָר אין יידישן טייל פון צפון־אַפריקע.

## בוך נומער 20) מנחם באַריישאַ: עסייען

### דערשינען אין יאָר 1956. 243 זייטן

אַ זאַמלונג פון אַ גרעסערע צאָל אַרטיקלען און עסייען, איינגעטיילט אין דריי טיילן: 1) יידן און יידישקייט אין אַמעריקע, ווו עס ווערט באַהאַנדלט די שטענדיקע פראָגעס וועגן דער יידישער יוגנט, וועגן יידישע דערציאונג, וועגן פרהמע און וועלטלעכע יידן אאַ"וו; 2) ישראל און די תפוצות, ווו עס ווערן אַרויס־געזאָגט אינטערעסאַנטע און אייגנאַרטיקע מיינונגען וועגן די דאָזיקע פּראָבלעמען; 3) אין דער אַלטער היים, ווו ער דערמאָנט זיין אַלטע היים־שטאָט בריסק, וואַרשע און וועגן זיין גרויסער לערער י. ל. פרץ. דאָס בוך האָט אויך אַן אינטערעסאַנטע פאָררעדע פון זיין טאָכטער אַדאַ באַריישאַ־פּאָגעל.

## בוך נומער 21) לעאָן בערנשטיין: ערשטע שפּראָצונגען (זכרונות)

### דערשינען אין יאָר 1956. 226 זייטן (מיט אילוסטראַציעס)

דער שרייבער פון בוך איז אַ פּיאָנער פון דער יידישער אַרבעטער־באַווע־גונג, אָנטייל גענומען אין די ערשטע אַרבעטער־„קרייזלעך" אין ווילנע אין יאָר 1894. שפּעטער אין דער גרינדונג פון אַלגעמיינעם יידישן אַרבעטער־בונד. מיט־

געאַרבעט אין אַ ריי פּעריאָדישע אויסגאַבן פֿון „בונד“ אין יידיש און רוסיש. אין דעם בוך „ערשטע שפּראָצונגען“ גיט ער איבער זכרונות פֿון יענער צייט און כאַראַקטעריסטיקעס פֿון אַ טייל מיטאַרבעטער און אָנטיילנעמער פֿון די ערשטע טריט פֿון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג.

## בוך נומער 22) משה אייזנבוד: געלעבט הינטער קראַטן

**דערשינען אין יאָר 1956. 218 זייטן**

דאָס איז די דערציילונג פֿון אַ יידישן יוגנטלעכן אַרבעטער פֿון דעם קליינעם שטעטל ניעסוויזש, וואָס איז אין די ערשטע מלחמה־צייט אַריינגעפאַלן צו די סאָוועטן. אין אָנהייב פֿון דער דייטש־סאָוועטישער מלחמה, געלונגט אים צו אַנטלויפֿן קיין רוסלאַנד. אים געלונגט אָבער נישט אויסצומיידן די אַלע מלחמה־גרוילן. אין רוסלאַנד ווערט ער אַוועקגעשיקט אויף צוואַנגס־אַרבעט און ליידט דאָרטן אַלע אומזיניקע פאַרפאָלגונגען, ווען ער פּרוּווט פּראָטעסטירן און זיך קעגנשטעלן, ווערט ער אַריינגעוואָרפֿן אין די תפיסות און קאָנצענטראַציע־לאַגערן. ער ווערט באַפרייט ערשט אין סוף פֿון דער מלחמה, בעת דער אַלגעמיינער אַמנעסטיע.

## בוך נומער 23) פּ. מינץ (אַלעקסאַנדער): יידישער אומקום און ווידערשטאַנד אין פראַנקרייך

**דערשינען אין יאָר 1956. 267 זייטן**

דאָס זענען פּערזענלעכע זכרונות פֿון דעם שרייבער, וואָס ער האָט דורכגעמאַכט אין דער צייט פֿון דער מלחמה און נאַציישער אָקופּאַציע פֿון פראַנקרייך. און כאָטש די זכרונות זענען אין גרעסטן טייל פּערזענלעכע, דאָך גיט דאָס אַ כאַראַקטעריסטיק, וועגן אַלגעמיינעם לעבן, וועגן אומקום און ווידערשטאַנד פֿון די יידן אין פראַנקרייך.

## בוך נומער 24) דוד איגנאַטאָוו: „אָפּגעריסענע בלעטער“

**דערשינען אין יאָר 1957. 339 זייטן.**

פֿון דעם גרויסן און קרעפטיקן יידישן שרייבער דוד איגנאַטאָוו איז פאַרבליבן אַ ריי נישט־פאַרעפנטלעכטע כתבים און אַ גרעסערער פראַגמענט פֿון אַן אָנגעהויבן אויטאָביאָגראַפיש ווערק אונטערן נאָמען „באַרג־אַרויף, באַרג־אַראָפּ“. דאָס אַלץ צוזאַמען מיט אַ ריי כאַראַקטעריסטיקעס פֿון דוד איגנאַטאָווס צייט־חברים, די א״ג „יונגע“ איז דער קערן פֿון דאָזיקן אינטערעסאַנטן און צום באַדויערן לעצט בוך פֿון דוד איגנאַטאָוו.

## **בוך נומער 25)** דער לעבעדיקער (חיים גוטמאַן): פּאַמפּאַדור

**דערשינען אין יאָר 1957. 328 זייטן**

געשריבן אין אַ לייכט פעליעטאָניסטיש און הומאָריסטישן אופן, ווערט אין דעם בוך באַהאַנדלט אַ גאַנצע ריי אַקטועלע און אַלגעמיינע פראַגן פון יידישן און אַלגעמיינעם כאַראַקטער. דאָס בוך איז איינגעטיילט אין צוויי טיילן: דאָס ערשטע: „אַ באַזוך אויף דער איסט־סייד” איז שוין דערשינען אין פריערדיקע 2 אויפלאַגעס. די צווייטע טייל וואָס באַהאַנדלט „די נייע איסט־סייד”, דערשיינט דאָס ערשטע מאָל אין בוך־פאָרם.ביידע טיילן שטעלן זיך צוזאַמען פון פאַראַדאָקסן און שטימונגען, געשריבן אויפן שטייגער פון ניטשעס „אַזוי האָט גערעדט זאַראַטוסטראַ”.

---


**ווענן אַלע ענינים פון פאַרלאַג זיך ווענדן:**

**EDITORIAL "IDBUJ"**

**BOULOGNE SUR MER 671 — T. E. 62-9566 — BUENOS AIRES**

